# די יערושע פון אַ גרויסן יידישן פּאָעט

די צעשויבערטע צייט באַם סאָף פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע און אַ פּאָר יאָר נאָך איר, האָט אַ שוים געטאָן מיט פאַרשידענע צעשויבערטע קונסט־מאָדעס, מיט די פאַרשידנסטע „איזמען”:

עקספּרעסיאָניזם, אימפּרעסיאָניזם, פוטוריזם, דאַדאיזם א. א.

וואַרשע — דער דעמאָלטיקער הויפּט־צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור — האָט זיך געקליידט אין דער מאָדע, וואָס איז געהאַט אויפגעקומען אין די נישט יידישע ליטעראַטור־צענטערס, נישט ערגער, ווי אַנדערע.

קלענערע און גאָר קליינע טאַלאַנטן זיינען די ערשטע זיך צו שלייערן אין אַלע שרייענדיקע מאָדע־סטענגעס און דעקן אונטער זיי דעם איקער — דעם טאַלאַנט גופע. אפילע דעמאָלט, ווען זיי אַליין גיבן זיך נישט קיין כעזשבן דערפון. אָבער אויך גרויסע טאַלאַנטן ווערן אָפט מאָל פאַרבלענדט פון די פאַלשע מאָדע־פייערן; זיי ווערן אַפילע די, וואָס צינדן אויך אַליין די פייערן.

האָט וואַרשע אין יענער צייט געבליצט און געדונערט מיט נייע ליטעראַרישע טוירעם און צווישן זיי האָט מיט אַן אייגן פייער אַרויסגעבליצט פּערעץ מאַרקיש.

זיין צעשויבערטער וואַלד האָר האָט געפלאַטערט איבער דער צעשויבערטער, בערדיקער „כאַלאַסטרע”. ער איז באַלד געוואָרן דער אָפּגאָט פון דער יוגנט, וועלכע איז אומעטום די ערשטע אויפצוכאַפּן יעדער מאָדע און פאַרגעטערן די שאַפער אירע.

צוזאַמען מיט דער פאַרגעטערונג איז אויך פּערעץ מאַרקיש געוואָרן דאָס ציל־ברעט פאַר די פיילן פון די בלינדע, קאָנסערוואַטיווע קעגנער פון יעדער באַנייונג. די מיינסטע טייל שטיינער, וואָס די „געזעצטע” עלטערע און פאַרעלטערטע שרייבערס האָבן געשליידערט קעגן דער „כאַלאַסטרע”, זיינען געפאַלן אין זיין קאָפּ.

אָבער אויך אין סאַמע ברען פון שלאַכט קעגן דער דאָזיקער „כאַלאַסטרע”, האָט נישט געפעלט די באַציונג און אָנערקענונג פאַר פּערעץ מאַרקישעס טאַלאַנט.

דער פּאַטריאַרכאַלער, רעליגיעז־עטישער הילעל צייטלין, האָט אין זיין

שארפן ארויסטריט קעגן דער פויקעריי פון די יונגע שרייבערס, אויסגע־טיילט פון זיי פערעץ מארקישעס טאלאנט, כאטש פון זיינע פיילן איז ער אויסגעשטאנען מער, ווי פון אנדערע.

דאך איז דער שטורעם בא פערעץ מארקישן נישט געווען דער רע־זולטאט פון בלויזער מאדע — שטורעם איז הויפטזעכלעך געווען אין זיין כאראקטער.

אפצוצאלן דער מאדע איר צינז, האט מארקיש געדארפט אנטאן „דעם צילענדער אף די פיס" און נאך אזעלכע מאדערניזמען, קעדיי זיך אויס־צולאדן, קעדיי זיך איבערצוצייגן, אז — ס'איז בלויז מאדע און זיך מאכן א פרייען וועג צו זיין עכטן, גרויסן פאעטישן טאלאנט, און אים אוועקטראגן אין דער וועלט אף די פליגל פון זיין שטורמישן כאראקטער.

שוין אין יענער צייט האבן זיינע עסייען, „ליטעראַרישע מאס־קעס", באוויזן, אז צום טאלאנט, צו זיין פאעטישער „סטיכיע", קומט ער באלאדן מיט א קולטור־פארמעגן, וואס וועט ווערן א בראכע פאר דער יידישער ליטעראטור.

און אזוי איז געווען:

פון א בונטאר אין דער ליטעראטור איז ער געווארן א רעוואלוציאנער מיט קלארע צילן. זיין יונג אינדיווידועלן בונטארישן שטראם האט ער איינגעשפאנט צוזאמען מיט נאך שטראמען אין דער גרויסער הידראעלעק־טרישער סטאנציע פון סאציאליזם...

אט מיט דעם שטראם איז ער דערשווומען פון ווארשע קיין מאסקווע, אין דעם אויפגעקומענעם יידישן ליטעראטור־צענטער, דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע.

דאס איז געווען אן אידייִשע רייזע — נישט קיין געאגראפישע. און גאר אין גיכן איז פון דעם ווארשעווער צעשויבערטן „כאלאסטרעניק" גע־ווארן א פירנדיקער פאעט אין דער סאוועטיש־יידישער ליטעראטור.

צווישן די דעמאלטיקע דריי ליטעראַרישע יידישע צענטערס: ווארשע, ניו יארק, מאסקווע, איז דער לעצטער געווען דער שעפערישסטער.

דארט האט מען פארלאנגט באנייונג אין דער טעמאטיק און אין סטיל, אבער אף א רעאלן באדן. דאס גאנצע לעבן האט זיך באנייט און די קונסט — די פארויסגייערן פון נייעם — דארף ווייזן דעם וועג.

צו ערשט דער בירגער־קריג און שפעטער דער גרויסער אויפבוי פון סאציאליזם, האט די יידישע שרייבערס, ווי די סאוועטישע שרייבערס פון אלע נאציאנאליטעטן, געמאכט פאר מיטקעמפער און מיטבויער אין אלע פאזן פון יונגן סאוועטישן לעבן.

דער געשריי פון דער רעאקציאנערער קריטיק אין דער גאנצער קאפיטא־ליסטישער וועלט, אז אין ראטנפארבאנד שרייבט מען אף באשטעלונג, איז א רעזולטאט, אדער פון נישט באנעמען דאס נייע אין ראטנפארבאנד, פון וועלכן דער דארטיקער קינסטלער איז אן ארגאנישער טייל, אדער פון בייז־

ווילקן וועלן אַראָפּפירן די דאָרטיקע ליטעראַטור און די פּראָגרעסיווע ליטעראַטורן אין אַנדערע לענדער פון זייער וועג.

אין מאַרקישעס צעכוואַליעטן, ברייט־שטראָמיקן, פּאָעטישן שאַפן פון יענער צייט און שפּעטער — די טיף־אָטעמדיקע, גרויסע מילכאָמע־עפּאָפּייען — איז פאַראַן עכט קינסטלערישע איבערלעבונג פון אַ גרויסן טאַלאַנט.

מען קען מעבולעק זײַן וועגן דעם, ווען עס קומט די קרוין פון דער סאָוועטיש־ייִדישער דיכטונג, אָבער אַלע וועלן צוגעבן, אַז אַזוי ברייט־אַרומנעמענדיק אויסדיכטן אין דער פּאָעזיע און אין דער דראַמע, דעם צאַר און די גוורה פון אָט־דער טראַגיש־גרויסער עפּאָכע, ווי דאָס האָט געטאָן מאַרקיש, האָט עס קיין שום אַנדערער דיכטער נישט געטאָן. זײַן ריזיק צוויי־בענדיקע עפּאָפּייע, „מילכאָמע", איז איינציק אין דער ייִדישער פּאָעזיע.

דער אונטערשיד פון מאַרקישעס מילכאָמעס און כורבן־לידער און די פון ייִדישע פּאָעטן פון אַנדערע לענדער און פון אַן אַנדערן באַנעמען, איז אַזוי גרויס, ווי גרויס ס'איז דער אונטערשיד פון די צוויי וועלטן: פון מיזרעד און מײַרעוו.

ווען ייִדישע שרײַבער פון רעאַקציאָנערן לאַגער האָבן, אין אָנבליק פון אומגעהײַער גרויסן כורבן, געפּרעדיקט אונטערגאַנג פון דער וועלט און אין דעם געזען די „נעקאָמע אין די גוים"... האָט פּערעץ מאַרקיש געזונגען:

„...וועסט ייִדישער סאָלדאַט זיך נישט צעשיידן מיט דײַן ביקס,
ווי ס'האָבן זיידעס נישט צעשיידט זיך מיטן סייפער".

מאַרקיש זעט אין דעם מאָמענט אין דער ביקס די נעקאָמע און דעם קיִעם, ווי ער איז באַ די זיידעס עפּשער געלעגן אינעם סייפער, און ער זאָגט אַ דעם ייִדישן סאָלדאַט ער זאָל נעמען נעקאָמע:

„אַ שטאָט פאַר יעטווידן געשאָכטן קינד!
אַ שטאָט פאַר יעטווידער געשענדעטער שוועסטער!".

און די נעקאָמע זאָל גרייכן ביז:

„ביז סיוואַנס בערלין נישט זײַן צעבראָקט ווי שכעם!"

און וואָס וועט זײַן דער לוין פון דעם דאָזיקן סאָלדאַט, פון דעם רויטאַרמייער? —

„דיך אין דער קייט דער גאָלדענער וועט אײַנשליסן דאָס פאָלק!
אַ שטערן אָנטאָן וועט אַ גאָלדענעם דאָס לאַנד דיר!"

וויפל רײַפקייט, אויפריכטיקער נעקאָמע־ברען און גלײַכצײַטיק אומדערשיטלעכער ווילן פאַר קיִעם איז פאַראַן אין די דאָזיקע פערזן! ווער וועט וועלן שפּילן דעם נאַר און זאָגן, אַז דאָס איז „באַשטעלונג"?

די מילכאָמע האָט זיך פאַרענדיקט, ווי דער דיכטער און אַלע מענטשן — נישט פאַשיסטן — האָבן געוואָלט: בערלין איז צעבראָכט געוואָרן נאָך מער פון שכעם, אָבער דער ייִדישער כורבן איז דערמיט נישט פאַרמינערט

געוואָרן. ער גייט דעם דיכטער נאָך אין פּוסטריט. אַפילו אין דעם שיינעם, מילדן קאַווקאַז, ווו דער דיכטער געפינט זיך אַף אַפּרו, צו „פאַרגעסן זיך", און גראָד דאָרט, צווישן די בערג און טייכן, וואָס זיינען אַזוי אייגן דעם דיכטערס געמיט, צעבינדן זיך זיינע ווונדן און ער זינגט אין זיין לענגערער פּאָעמע „קאַווקאַז":

„צופוסנט, דאָ, באַ דיינע בערג,
אין דייער שטיינערדיקן גליווער, —
פאַרטראָגן דורך דעם בראָד אַהער,
וועל איך אַף דריערד זיך זעצן שיווע.

נאָך טויזנט ווייטאָקדיקע יאָר —
פאַרשניטענע און אָפּגעמעקטע,
ביז אויפוואַכן וועט דער קאַיאָר,
ביז דער באַגין וועט מיך אַוועק טאָן...

אָבער אויך דאָן וועט דער געדויש
פון דיינע שטראָמיקע געדרויבן
דעם ווייַ און צאָרנדיקן ברויז
באַ מיר אין האַרצן נישט פאַרטויבן.

און נישט דיין פּראַכט און נישט דיין קאַיאָר
וועט נישט פאַרשלעפערן מיט דר מיך,
ווען רופן כיוועל די טויזנט יאָר
צו כאַלעם זאָלן זיי מיר קומען..."

וואָסער יידישער דיכטער האָט נישט באַוויינט דעם כורבן? אָבער זעלטן ווען עס איז געלונגען אַ דיכטער מיט אַזאַ פאַרטיפטן צאַר און דאָך מיט אַזאַ נישט דערשיטערטן גלויבן אין מענטש, האָס אַרויסצושלאָגן פון זיין צעוויטיקט געמיט, ווי מאַרקיש.

ווער עס קען אין מיטן „זיצן שיווע" דערוואַרטן:

„...דער באַגין וועט מיך קומען אַוועק טאָן..."

נאָר אַ גלויביקער אין באַגין, קען אויך דערזען די שיינקייט פון מענטשנס באַגין — פון דער יוגנט. זיין ליד: „דאָס מיידל מיט די צעפּ", געשריבן אין זעלבן פעריאָד, הויבט ער אָן מיט אַזעלכע דיכטערישע באַגינען-פאַרבן:

„אַ בויגיקע איז זי געגאַן פאָרויס,
דעם קאָפּ אַרויף, ווי זי וואָלט נייגעריק געוואַקסן;
די שוממינדיקע האָר האָבן געדוכט זיך — זידן אויס
און גיסן זיך פון קאָפּ אַריבער אַף די אַקסל".

אַזעלכע פּאָעטישע בילדער און מעטאַפאָרן זיינען אַפילו אין אונדזער הויך-אַנטוויקלטער פּאָעזיע — אַ זעלטנקייט.

דער ראַטנפאַרבאַנד שאַצט אָפּ זײַנע קינסטלער; פּערעץ מאַרקישעס דראַמאַטישע און פּאָעטישע שאַפונגען זײַנען איצט, אין דער רוסישער איבערזעצונג, פון די פאַרשפּרייטסטע און געליבטסטע.

די שוואַרצע קאַוואַנעס פון דער בריאַשטשינע זײַנען געווען אונטערצוגראָבן דאָס סאָציאַליסטישע לאַנד, דורך נעמען אונטער איר קאָסע די פּעיקסטע און בעסטע זין פון די סאָוועטישע פעלקער: די בעסטע אָפיצירן די בעסטע פּאָליטיקער און די בעסטע קינסטלער. צווישן זײַנע קאָרבאַנעס איז אויך אין דער ערשטער ריי געווען פּערעץ מאַרקיש.

באַטראַכט דער איקוף־פאַרלאַג פאַר זײַן קולטור־כּיוו און פאַר אַ גרויסער היסטאָרישער זכיה, אַרויסצוגעבן מאַרקישעס ירושה, ווי ער האָט זי באַקומען צונויפגעזאַמלט און איבערגעשיקט פון דער פרוי עסטער מאַרקיש פון מאָסקווע.

דער אַרגענטינער ייִדישער לייענער, ווי דער ייִדישער לייענער אומעטום, וועט מיט צופרידנקייט און ייִרעס־האַקאָוועד אויפנעמען די „ירושה" פון איינעם פון אונדזערע גרעסטע פּאָעטן און מאַרטירער, נעמען זײַן בוך אין האַנט אַרײַן מיט אַ ציטער אין האַרצן, ווי אונדזערע זיידעס האָבן גענומען אין האַנט אַרײַן אַ סייפער.

דער לייענער וועט מוזן לייענען די פּאָעמעס און לידער, וואָס גייען אַרײַן אין דעם בוך „ירושה", מיט געדולד. טייל פּאָעמעס וועט ער דאַרפן לערנען מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן...

מאַרקישעס פּען איז געווען געבענטשט מיט איבערפלוס אין פּאָעטישע מעטאַפאָרן און פאַרבן, מיט וועלכע ער האָט געקענט באַטיילן אַ סאַך פּאָעטן. ס'איז אַ פאַרבן־יאַם, וואָס האָט זיך אַליין אַריבערגעשוימט. אין אַזאַ צעכוואַליעטן יאַם דאַרף מען זײַן אַ געניטער שווימער. אָבער דער, וואָס איז אים אַריבערגעשווומען פילט ערשט דעם עמעסן גענעם.

אין זייער פיל פּאָעמעס לייענט זיך מאַרקיש נישט לײַכט; ער לייענט זיך נישט „אַליין", נאָר מען דאַרף אים לייענען...

סען זײַן, ווען דער מעכאַבער זאָל אַליין געווען דערלעבן אַרויסצוגעבן די דאָזיקע פּאָעמעס, וואָלט ער, ווי יעדער מעכאַבער, ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל געענדערט טייל סטראָפן, אָדער גאַנצע לידער; אַראָפּגענומען און צוגעגעבן.

אָבער דער איקוף־פאַרלאַג נעמט אויף די „ירושה", ווי אַ פאַרטיק־פאַרענדיקטע, אַזאַ ווי ער האָט זי געיאַרשנט און טראָגט זי אַזוי אונטער דעם לייענער.

אין דער ביבליאָטעק פון די גרויסע ייִדישע פּאָעטישע ווערק קומט צו נאָך איינס:

— „ירושה".

די ירושה פון אַ גרויסן ייִדישן פּאָעט.

ש. וואַסערמאַן

# גיסט־זשעאַז

העכער פונעם פויגלס פליגל
האָבן מיר אַף בערג געשטיגן
און דערשטיגן. און דערלאַנגט, —
גיס־זשע אָן מיט ברייטער האַנט,
אַז מעקויעס זאָלן ווערן
אַלע אונדזערע באַגערן;

טיפער פון די יאַמען גרונטן
זיך געלאָזט מיר האָבן מונטער
און פאַרטרונקען מיט געזאַנג, —
גיס־זשע אָן מיט פולער האַנט
ס'זאָל באַם פאָלק זיין פול די קוואַלן,
און ס'זאָל גאָרניט גיין פאַרפאַלן;

אָפּגעבליט האָט גיך דער זומער
און דער האַרבסט איז פרי געקומען.
ערגעץ שווין דער ווינטער שפאַנט, —
גיס־זשע אָן מיט פולער האַנט
פאַר די נאָנטע, פאַר די ווייטע, —
די וואָס וועלן אונדז פאַרבייטן;

ס'טוט ניט באַנג אַזוי גרייז און גרוי זיין,
ווייל געלעבט מיר האָבן ברויזנד
מיטן פאָלק און מיטן לאַנד, —

גים-זשע אָן מיט פולער האַנט.
אַז צו גוטנס ביז מעקאַנע,
זאָל די צוקונפט אונדז דערמאָנען;

וויפל נאָך איז אונדז געגעבן
זיך צו פרייען מיטן לעבן —
ביז צום טרויעריקן ראַנד, —
גים-זשע אָן מיט ברייטער האַנט.
הויב דעם קאָם אויף ביז די שטערן
פאַר די לעצטינקע באַגערן.

# צו אַ ייִדישער טענצערין

אני הגבר ראה עני
ירמיהו

.1

אַזעלכע בליציקע — זיך טראָגן דײַנע פּיס
אין לײַכטן קאַלט־טאַנץ אין שעמעוודיקן דײַנעם,
ווי ס'וואָלטן מעסערס זיך געוואָרפן און געגריסט
און מיט די שאַרפן זיך געוואָרפן און געטײַנעט.

געוועלבטע בושעווען די פאַלדן פון דײַן קלייד
מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן כוואַליִשן געהויער,
ווי ס'וואָלט אַ ווינט נאָך דיר געיאָגט און דיך באַגלייט,
און דיך פאַרנאַרט, און דיך פאַרקישעפט מיט זײַן טרויער —

און ס'איז אַ באַרג, און ס'איז אַן אָפּגרונט, און אַ שניי,
און אַפן שפּיץ — איבערן אָפּגרונט — אַ געראַנגל;
— זאָלסט ניט אַראָפּפאַלן, — כ'באַשווער דיך מיט דעם וויי
פון נאַ־ווענאַד און פון לאַנגיאָריקן וואַנדל.

עפּעס פאַרטײַען זיי אין טאַנצן, דײַנע פּיס,
נאָר אין דער זילבערנער אַנטבלויזטקייט בלענדט דער פײַן אויף,
ווי ס'וואָלטן בליצן זיך געוואָרפן און געגריסט
און מיט די שאַרפן זיך געוואָרגן און געטײַנעט.

.2

— וווּהין באַגלייט ער דיך דער ווינט און דער פאַרוויי ?
— וווּהין פאַריאָגט דער נאַ־ווענאַד אין אַזאַ נאַכט דיך ?
אַ זאַווערוכע איז אינדרויסן און אַ שניי,
און טיר־און־טויער — אומעטום זייַנען פאַרשפאַרטע...

מיר דאַכט זיך אויס, אַז מ׳האָט דיך קינדווייַז נאָך פאַרקנאַסט
מיט דעם פאַרזעסענעם און העפקערדיקן טרויער ;
אַ יעדער נאַכט קומט ער צוגיין צו דיר צו־גאַסט
און ער באַטרינקט דיך מיט זייַן אוראַלטן געלוייער,

זאָלסט מיט אים אומגיין — ווו אַ וועג און ווו — אַ שוועל,
זאָלסט באַ דער האַנט אים פירן, טאַנצנדיק און הייַטער ;
— הייבן די פיס דען זיך ניט, קאָרטשענדיק פון קעלט ?
— הייבן די פיס דען זיך ניט, קאָרטשענדיק אַף שייַטערס ?

איצט בריט די ערד דיך, ווי אַ שייַטער מיט איר גאָב
און פונעם הימל טוט די קעלט איצט אַף דיר אָן זיך ;
ווי פאַר אַ כאַלעף שטיל פאַרוואָרפן איז דייַן קאָפּ
און דייַנע וואַנדער־פיס די ווייַנענדיקע בלאָנדזשען...

.3

נעם אים אַרום, דעם טרויער, באַ דייַן שוועל,
פיר, ווי אַ בלינדן, פאַר דער האַנט אים, דער פאַרשעמטער, —
ער קער אָן אייגענער זיך אָן דער גאַנצער וועלט
און יעדן איינציקן באַזונדער ז׳ער אַ פרעמדער.

אויך איצט פאַר אים די זון אין מיזרעך זיך צעפלאַקערט,
די וועגן אייַלן זיך באַגעגענען אים, — נייַ.
אין יעדן לאַנד איז ער אַדורכגאַן מיטן אַקער,
אין יעדן לאַנד האָט מען געשניטן זייַן פאַרזיי.

אין יעדן לאַנד וועלן דערקאָנען אים די שטערן,
און בערגלעך אַש, ווו ער האָט לעבעדיק געברענט ;

עס וועלן טײַכן ניט פֿאַרלייקענען די טרערן
פֿון שטילע מאַמעס מיט די קינדער אַף די הענט.

איז טרינק זיך אָן, ווי פֿון אַ ברונעם, מיט זײַן ווײ,
טאַניץ אויס אַף פּלעצער אים, אַף גאַסן און אין הײַזער, —
פֿיר פֿאַר דער האַנט — אַ שטאָלצע — אים, און גײ,
נאָך ניט געענדיקט איז די טרויעריקע רײַזע...

.4

באַקלאָגט דער יאַם זיך דען אַמאָל אין זײַן געברום?
באַדאַרף אַ ווינט דען אין זײַן בלאָנדזשעניש אַ האַפֿן?
אַרויסגעריסן פֿון מײַן האַרץ האָט זיך די רו,
אַוועקגעפֿלויגן, ווי די גינגאָלדענע פֿאַווע...

כ'וואָלט עפּשער צובינדן באַדאַרפֿט זי צו אַ בוים,
ווי אונדזער ציג מ'האָט צו אַ ביימל צוגעבונדן;
נאָר איז די ציג דען ניט אַנטלאָפֿן פֿון דער היים?
און איז די היים ערגעץ אַליין דען ניט פֿאַרשוווּנדן?

געווען אַ ציג... אַזאַ מין צוגעלאָזטע ציג...
האָט איר פֿאַרגלוסט זיך ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...
געטאָן עס האָט זי מיט אַמאָל ערגעץ אַ צי, —
האָט עמעץ אײַנגעהאַלטן געקאָנט זי אין דער האַנט דען?

פֿון אַלץ געבליבן איז מיר בלויז אַ ליד אַליין,
איך זוך זיי אַלע אין מײַן בלאָנדזשעניש אָן אויפֿהער;
איך גיי זיי נאָך. איך זאָג זיי שפּרוכן אַלערליי
און כ'קאָן מיט גאָרנישט זיי צוריק צו זיך פֿאַררופֿן...

.5

אַ שפּרוך וועגן אַ ציג, וואָס איז אַוועק ערגעץ געהיים —
אַדורכשנײַדן אַ וועג — פֿון לאַנד צו לאַנד זיך;
ניין, ניט געווען די ציג געבונדן צו קיין בוים,
ווײַל ניט געהאַט קיין בוים האָט ווו זיך צו פֿאַרפֿלאַנצן...

אַ שפּרוך וועגן אַ בוים, וואָס ניט פאַרפלאָנצטערהייט,
טראָגט ער די לאַסט אַף זיך פון בליִען און פון וואַקסן;
מע לאַקט אים. מע פאַרניכט אַף אים. מע גייט,
נאָר אויסהאַקן מע קאָן אים ניט, ווי שאַרף ס׳זאָל ניט די האַק זײַן.

אַ שפּרוך וועגן אַ האַק, וואָס איז פאַרמאָסטן אַף דײַן האַלדז,
ווײַל ס׳שטײַגט פון אים אַ קאָפּ די זון אַריבער;
אַט האָסטו אים, מײַן ברויט. אַט האָסטו זי, מײַן זאַלץ.
אַט האָסטו זי, מײַן היים, — מײַן אויפגעריכטע ליבע.

אַ שפּרוך וועגן אַ היים, וועגן אַ כאַלעם פון אַ היים,
ס׳זאָל מער ניט זײַן פון ווו געיאָגט צו ווערן;
מיט לײַב מײַנעם פאַר איר געקנאָטן כ׳האָב די ליים
און אַנגעזאַפּט די ליים מיט ליכטיקייט פון שטערן...

.6

געוועזן איז אויסגעלאָשן אומעטום די שײַן,
אַ שײַן געזעצט האָט פון די קני דײַנע די ווײַסע,
ווען ביסט אין וואָלקנדיקן קאָלע־קלייד אַרײַן
און ווען דײַן טרויער האָט געגעבן אַ צערײַס זיך.

מיט אַזאַ רים — ערגעץ אַף שפּיצן פון געבערג
טראָגט זיך אַ פויגל דורך, דערשפּירנדיק געיעגן:
— ווו האָסטו יאַגנדיקע טריט נאָך זיך דערהערט?
כ׳האָט בלויז מײַן האַרץ געטאָן אַ פאַל — אונטערגעזעגן.

באַנאַכט געעפנט האָט זיך שטיל אַליין מײַן טיר,
די רו געשטאַנען באַ דער שוועל איז מיט אַ קלומעק
און זיך געוועגדט: — איך געזעגן זיך מיט דיר,
איך גיי אַוועק און מער וועל איך ניט קומען...

אין שטוב איז שטיל געווען. געפרעגט האָב איך באַ איר:
— וואָס נעמסטו מיט אין וועג מיט זיך דעם קלומעק?
האָט זי אַ זאָג געטאָן, ניט קוקנדיק אַף מיר:
— איך האָב דײַן האַרץ אין וועג זיך מיטגענומען...

.7

ס׳ברענט אַפּ פון קלייד דײַנעם דער פלאַטערדיקער לײַן
אונטער דעם פײַער פון די קני דײַנע די הוילע ;
נאָר דײַנע ברעמען דעקן שעמעוודיק זיי אײַן,
נאָר דײַנע אויגן זיי מיט ליכטיקייט פאַרהוילן.

— ווי וועבט מען אײַן זיך אין דעם שטראַלנדיקן קנויל ?
און — ווי דעם אַנהייב און דעם סאָף פונאַנדערקניפּן ?
כ׳קאָן זיך קיין אייצע נאָר ניט געבן מיט דײַן מויל,
כ׳קאָן ניט אַריבערגיין דעם שניט פון דײַנע ליפּן.

מיר דאַכט — איך הער, ווי ערגעץ וואַלגערן זיך פעלדזן,
ווי טײַכן טראָגן זיך — אַריבער יעדער צאַם ;
זיי גיסן הילכיק דאָרט צוזאַמען אַזוי העל זיך
און יאָגן — פריידיקע — זיך אָפּגעבן דעם יאַם.

— לאָזן זיי גיין. לאָזן זיי אײַלן מיט געהויל.
דער יאַם אַליין גייט איצט די גרענעצן אַריבער ;
אַז כ׳קאָן קיין אייצע זיך ניט געבן מיט דײַן מויל
און כ׳קאָן ניט איבערגיין דעם שניט פון דײַנע ליפּן...

.8

עס איז שוין שפּעטער טאָג. דער רוים איז ווידער קלאָר,
און פונעם הימל גייט נאָך אַלץ ניט אָפּ דער מוילעד ;
פון צורירן מיט ליפּן זיך צו דײַנע האָר
באַדעקט מיט גאָלד קאַיאָריקס זיך מײַן מויל האָט.

דער טאָג אַלץ נעענטער און נעענטער געגענט, —
איז מיר דען ווייניק ליכט ? צי ס׳פעלט מיר איצט דען שײַן נאָך ?
נאָך ליכטיק זײַנען מײַנע בלאָנדזשענדיקע הענט
פון צולייגן זיי צאַרט צו לײַב צו דײַנעם.

עס דרייען פייגל אַרום מיר זיך מיט פאַרטרוי,
זיי גריסן אַלע זיך צו מיר, ווי מײַנע ברידער ;
— באַטרונקען מיט דײַן אָטעם, ווי מיט טוי,
האָבן פונסנײַ צעבליט זיך מײַנע לידער...

נאָר ס'שלײַפֿט דער מוילעד זיך אינדר'הויך, ווי פּאַר געפּעכט,
עס קאָן קיין מעסער שוין ניט שלייפֿן זיך געטרײַ מער;
האָסט אַלץ געזען. אויב ס'קומט מיך שעכטן — שעכט.
ניטאָ קיין גורל אַף דער ערד קיין זיסערער פֿון מײַנעם.

.9

צי כ'האָב געזײַט, צי כ'האָב געשניטן, — ווער וועט עס דערמאָנען?
צי אויפגעגאַן עס איז, — האָט עמעץ דען געטראַכט?
נאָר ס'קומען שאָטנס שוואַרצע שטײַער בײַ מיר מאָנען,
זיי לאָזן אומבאַמערקט אַראָפּ זיך נאַכט נאָך נאַכט.

ווי זײַלן רויך געדיכטע פֿון אַ סרייפע —
זיי טרײַבן מיך מיט אויסגעשטרעקטע הענט;
נאָר ניט זיי לאָזן מיך אין ערגעץ ניט אַנטלויפֿן
און ניט זיי לאָזן מיך זיך צוטוליען צו ווענט.

ווי אין באַלאַגערונג באַזעצן זיי זיך אין מײַן הארצן,
ווי וואָכערניקעס — נעמען אוים מיט מיר אַ טנײַ:
פֿאַר יעדן טראָפּן פֿרייד, וואָס ערגעץ בלויז מיר דאַכט זיך,
זאָל איך זיי צאָלן זיבן מאָל אַזויפֿיל פּײַן.

איך זע, ווי אויגן דײַנע, טרערנדיקע בליאַסקען,
איך זע, — נאָר כ'דינג זיך ניט. איך גיי אַף אַלעם אײַן:
זיי ווילן זיבן מאָל, איז זיבן, מאַסקים.
אַבי איין טראָפּן כאָטש אַ פֿריידיקער זאָל זײַן.

.10

דער נאָכדעם — אַפֿן וווּנק — זיי הייסן זיך פֿאַר דיר
אַ שטײַער־טנײַ פֿאַרקריצן פּונקט אַזאַ מין;
— פֿאַרקריצט. — גיט זיך מײַן מויל אַ ווייטיקדיקן ריר
און ס'האַרץ זיך לאָזט מיט ביטערקייט פֿאַרסאַמען.

— ווו איז אין האַרץ דער ראַנד דען צווישן פֿרייד און פּײַן?
מיר וועלן אויסצאָלן, מײַן ליכטיקע, ביז לעצט דעם שטײַער.
עס וועלן אונדז די נעכט די שלאָפֿלאָזע צו לאָסט ניט זײַן
און ס'וועט דער פּײַן דער גרעסטער אונדז ניט זײַן צו טײַער.

דאָס ברויט אין טרערן אויסגעווייקט איז זיס,
און ליכטיק איז דער בליץ, וואָס טראָגט זיך אין זיגזאַגן;
מיר דוכט, אַז שאָטנס שטיל פאַרשלייפן דיר די פיס,
מיר דוכט, אַז אַ טעהאָם דײַן האַרצן באַלאַגערט.

די פרישסטע קוואַלן פון די שפּיצן בערג,
כויץ זייער רוישיקן און זינגענדיקן שטראָמען
צעשווענקען זיי נאָך אויך די גרונטן פון דער ערד
און, זינגענדיק, דערמאָנען זיי אין לויערדיקע טעהאָמען...

.11

איך דאַנק דיר, ווינט, — פונוואַנען זאָלסט ניט זײַן,,
איך דאַנק דיר, ווינט, — וווּהין זאָלסט ניט אײַלן;
ס'טוט זיך דער טאָג אַף מיר — אַ זעגל אָן פון דינסטן זײַד
און כ'קאָן אָן דיר אַצינד קיין ווײַלע ניט פאַרווײַלן.

עס האָט די זון מיר אויסגעשפּרייט אַ גינגאָלדענע זײַל
און ס'וואַרטן מענגעס סימכעדיקע צוגן;
— אַ דאַנק דיר, — ס'איז אַזוי זיס אַ יעדער ווײַל,
עס רופט מיך אויף אַ רײַזע אויף מײַן הײמלאָזיקע יוגנט.

— אַהין די זעגלען — ריכט. אַהין דעם אָטעם — שטרעק.
דער גאַנצער וועלט דאַרף איצט מײַן האַרץ עפּעס פאַררוימען;
זאָלן די שטרעקעס אײַנלויפן פאַר דיר אין וועג
און אונטערטעניק זאָלן זײַן צו דיר די רוימען.

— דערלויב ניט מער די טײַכן קיין געוויין.
— דערלויב ניט מער די ווערבעס שטיין געבויגן.
מײַן ליבע גייט, ווי אַף אַ שייטער אויף, אַליין,
און טרערן דעקן צו אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן...

.12

טרינק ביזן דעק ניט אויס דעם שמידנדיקן ווײַן,
די שטערן איבער אונדז, ווי העגנלעך ווײַנטרויבן, זיך וויגן, שפּינען;
זיי זײַנען צײַטיק מיט אַזאַ פאַרפירנדיקער שײַן,
פאַרפירן וועלן זיי אונדז הײַנט, ווי ליפּע-צווײַט — די בינען.

מיר וועלן גיין נאָך זיי. מיר וועלן נאָכגיין ביזן ראַנד
און אים אַריבערגיין, ניט פרעגנדיק — וווּהין גאָר,
און אים אַריבערגיין, ניט וויסנדיק, צי ז׳עפּעס נאָך פאַראַן
אַכוץ דײַן אָפּגעדעקטער מיידלשקייט און כוץ מײַן נאַקעט זינגען...

דאָ איז עס, — ווייס, — דער סאָף און אָנהייב פון באַשאַף,
ס׳איז אוים מיט צאָל און מאָס, קיין וויטיק טוט ניט ווי דאָ;
ווען ס׳זאָל אונדז זײַן אַ בעט פון מעסערס בלויז די שאַרף,
איז וואָלטן מיר זי פאַר דער גאַנצער ערד ניט אָפּגעגעבן ביידע.

עס לײַכטן דײַנע קני. עס איז דײַן מויל — אַ שוועל
צום אויפגאַנג ליכטיקן פון אומבאַשיידטן וווּנדער;
געעפנט האָט די יונגשאַפט זיך, ווי ס׳עפנט זיך די וועלט
און ביידע זײַנען מיר דאָרט, ברענענדיק, פאַרשוווּנדן...

.13

און איצטער זוכן וועלן מיר זיך — טאָג נאָך טאָג,
די ערד אַף בלאָנדזשען זײַן אַצינדערט וועט אונדז ווייניק;
עס האָט אונדז אַף אַ וועג אַזאַ געגעבן אַ פאַרטראָג,
ווו ביימער טרויערן און ווו די פייגל וויינען.

מיר וועלן גיין. עס וועט די ווײַטקייט אונדז ניט זײַן קיין שטער
אַף זײַן באַנאַנד, אַף איינס דעם צווייטן אָנזען,
ווי אָנזען איינס דעם צווייטן איז די שטערן זיך באַשערט
אין זייער אייביקן געיעג, אין זייער איינזאַמיקן בלאָנדזשען.

אַראָפּגיין וועט אַ שניי און דורכגיין וועלן פרעסט
און ווינטן וועלן ווידער עפּעס אײַנרוימען די זאַמדן;
— פאַרגעסט אַ פויגל דען אין וואַנדערונג זײַן נעסט?
— און ס׳טרעפט אַ שטראָם דעם וועג ניט צו דעם דען?

אין שניט דערמאָנען — ניט דער שנײַדמעסער באַדאַרף, —
כ׳געדענק, כ׳געדענק, — ס׳פאַרשווינדט ניט פון מײַן זין גאָר,
אַז ס׳פאַלן אַף דײַן לײַב די האָר, ווי סטרונעס אַף אַ האַרף,
און איך האָב נאָך מײַן האַרץ אַף זיי ניט אויסגעזונגען.

.14

עס גייט דער יאַם אַנטקעגן מיר — צעהעלט
און בעט מיט זון פאַר מיר אַ גאָלדענעם געלעגער;
— צי דען דערפאַר, וואָס שטײַף איז, ווי דײַן לײַב, זײַן וועל
קאָן איך זיך דען פון דיר פאַרגעסן אַף אַ רגע?

עס קייטלען זיך געבערג, געקרוינטע מיט קאַיאַר,
זיי רופן מיך אינדר׳הויך, אין ווײַסע וווּנדערלעכע שלעסער;
— צי דען דערפאַר, וואָס זייער הויך ז׳באַגילט, ווי דײַנע האָר
קאָן איך אַפילע דען אַן אויגנבליק אין דיר פאַרגעסן?

דער ווינט גיט מיך אין זײַנע אָרעמס אַ פאַרשלים
און טרינקט מיך אָן מיט זאַפטן פון באַגינען;
— צי דען דערפאַר, וואָס ער איז, ווי דײַן אָטעם, זיס
קאָנסטו אַף וויפל דען ניט איז אַרויס מיר פונעם זינען?

כ׳האָב ניט געשלײַפט מײַן האַרץ באַ דער פאַרוווּרטער שוועל
און כ׳וויים ניט ווי דעם שטיין פון כאָכמע זאָל איך לייענען, —
נאָר זאָג — פאַרוואָס איז לײַכט אַזוי צו זען אין דיר די גאַנצע וועלט
און נאָר די וועלט איז ניט אומשטאַנד פאַרבײַטן דיך אַליין נאָר? . . .

.15

דעם טאָג באַגעגן איך אַליין, אַליין דעם טאָג באַגלייט איך
און ס׳קומט באַנאַכט אַף מײַנע אויגן ניט קיין שלאָף;
— איך האָב דיר אומגערן פאַרשאַפט אַזויפיל ווייטאַק,
באַשטראָף מיך, טײַערע, נאָך מער, ווי כ׳בין באַשטראָפט.

דײַן שאָטן פאַלט פון יעדן בוים אַף שריט און טריט דאָ,
נאָר זייער זינגענדיקער רויש זיך ווענדט פון מיר ניט אָפּ;
— איך וועל ניט אויסקויפן מיט אַלע מײַנע לידער
די מינדסטע טרער, וואָס טריפט פון דיר אַראָפּ.

פאַרקוקט אינדר׳הויך האָבן געבערג זיך אָפּגעברענטע,
זיי שיקן ווינטלעך איינס צום צווייטן אַזוי לײַכט;
— ווי שטרעקט מען אויס אַזוי די טרויעריקע הענט דיר,
וואָס זײַנען אײַנגעטונקט אין ליכט פון דײַן לעוואָנעדיקן לײַב?

אַ יעדן ווינט באַגעגן איך, אַ יעדן ווינט באַגלייט איך,
מיט טרויער קוק איך נאָך נאָך זייער האַסטיקן גלאָף;
— איך האָב דיר אומגערן פֿאַרשאַפֿט אַזויפֿיל ווייטיק,
באַשטראָפֿן מיך, טײַערע, נאָך מער, ווי כ'בין באַשטראָפֿט.

.16

עס לאָזן ערגעץ טשערעדעס אַראָפּ זיך שוין אין טאָל,
דער טאָג איז אויסגעגאַן צוקאָפּנס אַף געבערג אַף טריבע;
דורך פֿאַסטעכדיקע פּײַפֿעלעך דערטראָגט זיך מיר דײַן קאָל
און דורכן צושלאָג פֿונעם יאַם — דײַן פֿאַרבאַהאַלטענער פּאַראַבּל.

דײַן פֿליסנד קאָל — אַ דאָרשטיקן קאָן אײַנשטילן דעם דאָרשט,
מע ריזלט, דאַכט זיך, אויך פֿון שפּיצן־בערג צו יאַמען;
איך האָב זיי אויסגעטשאַטשעט, די ווינטן פֿון קאַיאָר,
איך זאָל צו זייער ווײַטן אַפֿילו ניט פֿאַרזאַמען.

— האָט קיין פּאַראַבל מיר ניט, ווינטן, — זיך געווענדט,
האָב איך צו יעדן איינציקן פֿון זיי, ווי צו אַ מאַמע, —
מיט וועמען וואָלט איך עס מײַן האַרץ אַוועקשיקן געקאָנט,
אָט ווי מע שיקט אַוועק אַ בריוו מיט אַ געלעגנהייט אַזאַ מין?

— נאַ, לייען עס, דאָס האַרץ — אַזוי ווי ס'איז,
ס'וועט אַף אַ נאַכט אַ גאַנצער קלעקן דיר צום לייענען;
כ'האָב זיך אַזוי געאײַלט און קיינעם ניט געגריסט,
איך קאָן נאָך אַלץ קיין בריוו ניט אויסשטעלן קיין שיינעם...

.17

די רײַפֿע זאַנג פֿאַלט אַף שנײַדמעסער אַליין
מיט אויסגעשטרעקטן האַלדז מיט גאָלדענעם און טריבן:
— נו, עפֿן עס, מײַן האַרץ און קוק, און לייען,
אַז כ'ווייס גאָרניט אַליין, וואָס דאָרטן איז געשריבן...

ס'איז דאָרטן אַלץ פֿאַרקריצט אַזוי ווי מיט אַ מעסער.
דו זאָלסט מיט דעם אינערגעץ ניט פֿאַרגיין נאָר;
מיר דאַכט, אַז דאָרטן איז צעזייט דײַן אייגן קסאַוו,
אַז לייענען, כוץ דיר, וועט עס ניט קאָנען קיינער.

ווי גיט מען צו פאַרשטיין דיר און מיט וואָס,
אַז זאָלסט ניט דורכלאָזן קיין וואָרט, קיין איינציקס ניט פאַרגעסן?
דו זאָלסט ניט איבערהיפּערן קיין אָס, —
ס'איז דאָרטן אַלץ פאַרקריצט אַזוי־ווי מיט אַ מעסער.

כ„וועל פון באַגינען ביז באַגינען וואַרטן דאָ אַליין
מיט אויסגעשטרעקטן האַלדז פון ליד מײַנער פון טריבער;
— נו, עפן עס, מײַן האַרץ, און — קוק, און לייען,
אַז כ'ווייס גאָרניט אַליין, וואָס דאָרטן איז געשריבן...

.18

דער ראַש פון כאַסענעס איז ווידער אַף די גאַסן,
פון סימכעס דאָס געוויין איז אַפּדאָסנײַ דערוועקט;
צעבראָכן זײַנען בלויז די פידלען און די קאָנטראַבאַסן,
געקוילעט זײַנען בלויז די קלעזמער אַפן וועג.

נאָר דו? — דו, טאַנץ.. די פיס געשטעלט, ווי איבער נעצן,
דאָס האַרץ מיט ווייטיק אייגענעם — פאַרטויב.
און טראָג אים, טראָג, דעם טרויער פון באַזעצנס,
ווי צו דער שכיטע טראָגט דעם האַלדז די מילדע טויב.

דעם קאָפּ — אַראָפּגעלאָזט, די אויגן — אויפגעקייטלט,
ס'באַגלייטן ווײַטע שטערן באַ דער נאַכט;
עס זײַנען מאַמעס אָט אַזוי געגאַן צו דער אַקיידע,
דאָס פײַער און דאָס האָלץ אַליין פאַר זיך געבראַכט.

איז ריין פון לײַב זיך לעבעדיקע פאַסן
און — טאַנץ, און ווײַטן דרעמלדיקן — וועק.
צעבראָכן זײַנען בלויז די פידלען און די קאָנטראַבאַסן,
געקוילעט זײַנען נאָר די קלעזמער אַפן וועג.

.19

אַן אָדלער־רויש וועגן געפאַרן האָרנט באַ דער שוועל
פון דעם פאַרפאַנצערטן, ניט־צוטריטלעכן אוראַלט;
נאָר קלוגע סטעזשקעלעך, וואָס שלענגלען זיך פון פעלדז
האָבן מיך, בלאָנדזשענדיק, פאַרפירט צום וואַסערפאַל אגורא.

דער רווישנדיקער שטראָם פון שפּיצן בערג, —
נאָך אַלץ עפּעס דעם אָפּגרונט טײַנעט דאָרט אַרײַן ער;
— געגען, מײַן היימלאָזע, געגען אַהער,
ער וועט דיר אָפּוואַשן דעם שטויב פון בלאָנדזשענדיקע פיס
פון דײַנע.

איך ווייס ניט — ווערמעס בראָך איז דאָ און וועמעס זיג,
מיט שטיין צוקאָפּנס — שטורעמס אײַנגעשלאָפן כראָפּען;
דיר וועלן אויכעט שטיינער זײַן אַ ווונדערלעכע וויג,
אַ לייטער וועסטו דערזען צום הימל פונעם אָפּגרונט...

אין דער אומאָרדענונג פון בערײַשיסדיקער הייל
מיט שפּראָך מיט אייביקער פון דײַנע פיס די מידע, —
בלויז אים אַליין, דעם וואַסער־פאַל, דערצייל,
ווי צו די באַרג־שפּיצן צוויי טויזנט יאָר דו רײַסט זיך, אַ געשמידטע.

.20

דערצייל, מײַן היימלאָזע, פאַרקישעף און דערמאָן אים, —
אַצינדערט טאַנצסטו פאַר אַן אײדעלע בערג;
פאַר דיר איז קיינער אין דער וועלט דאָרט ניט פאַראַנען,
דו האָסט צו וועמען זיך ניט ווענדן מער.

פאַרשטויסן וואָגלען ברידער אום איבער די יאַמען,
קיין האָפן און קיין ברעג די ערד זיי ניט פאַרגינט;
עס קאָן קיין קינד ניט אָפּזוכן זײַן מאַמען
און ס'קאָן קיין מאַמע מער ניט טרעפן צו איר קינד.

די אויגן אויסגעשטאָכן האָט מען זיי פאַר קוקן צו די שטערן
און פאַר דעם זוניק ליד האָט מען די מײַלער זיי געברענט,
צום אָפּגרונט ס'וועט דערגיין און צו די שטייגעריקע שטערן,
פאַרבונדענע מיט כמאַרע און מיט בלענד.

האָסט מער דאָרט קיינעם ניט. דאָרט איז קיין טרייסט ניטאָ מער,
ס'וועט מיט דײַן ווייַ דערוואַרגן זיך דער באַרג און הייל;
באַרוישט זיך אויפהייבן צו דיר וועלן די טהאָמען, —
טאַניק, טאַניק, מײַן היימלאָזע, — פאַרקישעף און דערצייל.

.21

וואָס האָסטו נאָך אין דײַן געיאָגטער אומעטיקער רײַזע?
געזעגן זיך און גיב עס שנעל און אײַליק אָפּ.
האָסטו נאָך ניט אויסגעצאָלט דעם צינדז פאַר וועלן פרײַ זײַן,
מע הייסט אַצינדערט ברענגען זיך דײַן קאָפּ.

קיין ברויט אין פעלד צו זאַט איז ניט געוואַקסן,
אָבער דער כויוו פון דיר געשטיגן איז אין צאָל;
פאַר וועלן דענקען, טרוימען און געוואַגט זײַן,
איז ניט געדונגען זיך, — באַצאָל.

דאָס גאָלד — אוועקגערויבט, דאָס צירונג איז צעשלײַדערט
און ס'שטייט אַ וויגעלע אַ ליידיקס בײַ דער שוועל;
ס'איז אַנגעצונדן פאַר דיר אַ שייטער,
ביסט שולדיק מיטן קאָפּ פאַר דײַן פאַרליבטקייט אין דער וועלט.

איז טאַנץ זיך אויס איידער דער פלאַם וועט דיך צעבײַסן,
די שאַנד — פון לײַב, דאָס לײַב — פון ביינער שמײַס אַראָפּ.
האָסטו נאָך ניט אויסגעצאָלט דעם צינדז פאַר וועלן פרײַ זײַן,
פאַר טראָגן פרײַ דײַן טרויעריקן קאָפּ...

.22

ד'ערצייל דעם וואַסערפאַל, דערמאָנען קאָן אַ יעדער באַרג אים,
אין יעדן באַרג איז אויסגעקריצט מיט פײַער פון באַגין —
דער דורכגעהילכטער איבער זיי צום ערשטן מאָל — „ניט הארגע!",
וואָס וואַלגערט זיך אין אַש, באַדעקט מיט שימלדיקן גרין.

— זײַט וויסן, בערג, — די קריג מיט פינצטערנישן דויערט,
קיין שפּאַן קיין אײנציקן טרעט דער געדאַנק ניט אָפּ,
באַזיגט ז'ניט דער אַ וועמעס קאָפּ פאַלט פון דער האַק אין טרויער,
נאָר יענער, וואָס די האַק בלויז לײַכט בײַ אים אין קאָפּ.

— זײַט וויסן, בערג, — זאָל אײַך באַוווּסט זײַן, רוימען,
דער צוטריט צום געדאַנק ז'דעם טויט פאַרווערט.
אַ זיגער איז ניט דער, וואָס טוט דעם אַנדערן אַ צוים אָן,
נאָר דער, וואָס אין דער צוים — די צוים צעבריכט.

איז טאַנץ, מײַן הימלאָזע, קאָלזמאַן פֿאַראַן ס'איז נאָך ווײַטן,
און פֿאַלן לאָז אַף זיך פֿון וואָסערפֿאַל דעם ראַש.
ס'איז טויט ניט דער, וואָס ווערט פֿאַרברענט אַף שײַטערס,
נאָר דער, וואָס זעט אין פֿלאַם בלויז טליִענדיקן אַש.

.23

ער גייט, ער גייט, דער גוילעם מיט דער האַק
איבער די אַלטע טעמפּלען אײַנפֿירן אַ נײַע אָרדענונג;
אַף זײַנע מאַלפֿעדיקע אַקסלען באַמבלט זיך אַ זאַק
מיט אַ געשענדטן באַרמינען, וואָס ער האָט אַפֿן וועג דערמאָרדעט.

אַ געלע לאַטע אויסגעברענט איז אַף דעם מעס,
מיט שטיקער פֿלייש — די טאַשן אויסגעריסן — הוילע;
— ער האָט פֿון לאַנג שוין ניט געהאַט אַזעלכע פֿעטע קעסט, —
באַלעקט זיך, פֿרעסנדיק אין וועג, דער גאַווערדיקער גוילעם.

די ליפּן רודערן שווער אין בלוט פֿאַרפֿלעקט
צום ליבנסווירדיקן הער גאָט פֿאַר הילף און ראַט געהיימען;
ער גייט, ער גייט, — ער גאַווערט און ער גרעפּצט,
און ס'פֿאַלט אים אָן אַן אומעט און אַן איימע.

די לאַטע שטעלט זיך אים אין האַלדז. זי קריכט ניט דורך.
ער כריפּעט שוין. ער ווערט פֿון איר דערוואָרגן,
ער וועט נאָך קומען צו דײַן שוועל: — צי ווייסטו ניט אַזאַ
מין שפּרוך,
די לאַטע אויסברעכן זאָל ער איניינעם מיטן גאָרגל?

.24

מיט טענץ, מײַן הימלאָזע, פֿאַרטויב עס און פֿאַרטרינק עס,
זאָל אים דער בראָך פֿאַרפֿאָלגן ביזן צענטן דאָר;
פֿאַרשריבן ווערן מער ניט זײַן ס'וועט אין קיין פּינקעס
און אײַנלייגן ניט קאָנען ס'וועט זיך אין קיין וואָרט.

עס אײַלט שוין מיט באַגין דער העלער אינדערפֿרי זיך
און ווינטן וועקן אויף די ווײַט מיט אַ געהויד;

ס'וועט אַף זײַן לײַב זיך אויסקריצן מיט בלויזע שפּיזן
און אַף זײַן הויט פאַרשריבן ווערן ס'וועט מיט בלוט.

אַ יעדער באַרג מיט שטיינער אויפגעוויגטע וואַרט שוין
און יאַם באַ יאַם אַף אַ פאַרפליצונג פרעגט;
ס'וועלן זיך קוואַרים אויפהייבן פון ראַטעוודאַם ביז וואַרשע,
ס'וועלן זיך קוואַרים אויפהייבן פון יעדן אָפּגעמעקטן וועג.

קיין פינקעס אויפשטעלן וועט קיינער ניט אומשטאַנד זײַן
מיט יענעם פּײַן און טרויער, ווי געווען עס איז;
— זאָל ניט פאַרגיין דער ווײ אין אָפּהילך פון דײַן טאַנצן,
מע דאַרף עס אויסלייענען אין דײַנע וואַנדראָוונע פיס.

.25

— נו, קלאַפּ אים אויס, דעם הייסן מאַדריגאַל,
דורך דײַנע פיס זאָל גאָרניט זײַן פאַרלייקנט.
זי ברענט אַף דיר, דעם גוילעמס געלע גאַל,
וואָס ער — פון בלוט אַ שיקערער — האָט אויסגעמייַקעט.

באַדאַנק אים, היימלאָזע, באַדאַנק אים פאַר דער גאָב,
ער האָט דאָך מער אַף זײַן פאַרמעגן ניט געהאַט דאָך;
דו האָסט פאַר נאַכטלעג אים באַצאָלט דײַן גרײַזן קאָפּ
און ער האָט צוגעדעקט דיך מיט אַ געלער לאַטע.

וואָס קומט אים נאָך אַרויס צום כעשבן פאַר דעם נאַכטלעג?
דעם קלומעק — צוגערויבט האָט ער נאָך פון פאָרויס.
דאָס ברויט פון טאָרבע — אויפגעפרעסן — פאַרטיק,
ווי ניט געוועזן און — אויס.

און — קוויט.
אַ גוטן טאָג. פאַרשטאָפּט ביז לעצט דאָס מויל אים.
איז וואָס־זשע ציילט ער ווײַטער דײַנע טריט?
וואָס נאָך פאַרלאַנגט פון דיר דער גוילעם?

.26

דאָס האַרץ? דעם מאַרך? ער, ווי אַ שלאַנג האָט ביז דער
טיפסטער טיף

זיי אויסגענאָגט און אויסגעבראָכן צוריק, ווי ניט־פאַרדײַעטע
געקעכצן;
דאָס איינציקע, וואָס טראָגט דער שלאַנג אין דר׳הויך, איז
נאָר זײַן גיפט,
דעם איבעריקן איז באַשערט צו וואַלגערן אַף דר׳ערד זיך.

ער וועט ניט אויפהייבן זיך העכער פונעם קייווער־גראָז,
וואָס אונטער דעם — די זיגן זײַנע מערן זיך און מערן;
אַהין וועט ער מיט שווערד זיך קומען אויסקלינגען דעם ראָסט
און שפּײַזן אין דער פינצטער זיך אין איינעם מיט די ווערעם.

און אויסמעסטן מיט זיי זיך אין דער גרעב,
און אין דעם גראַד, און אין דעם גיר, און אין דעם עקל;
אַלץ איינס — צי האָט ער דיר אַ לאַטע צוגעקלעפּט,
אָנשטאָט די שאַנד די אייגענע מיט איר פאַרדעקן.

נו, טו זי אָן, מײַן היימלאָזע, און זיך פון זין ניט ריר,
אַ דײַנע דיר — מיט וואָס ס׳פאַרדעקן זיך באַנומענע און הוילע?
ס׳וועט עפּשער נאָך אַמאָל דיר אויסקומען מיט איר,
ווי אין אַן אָקסנשלאַכט — זיך פעכטן קעגן גוילעם.

.27

ניט שווער זאָל זי דיר זײַן — די געלע לאַטע,
ניט שעם זיך, היימלאָזע, מיט די צעלאָזטע האָר.
גיין גלײַך, ווי ס׳איז געגאַן דײַן זיידע און דײַן טאַטע,
דערקאָנען וועלן דיך די וועגן פון קאַיאָר.

דערקאָנען וועלן דיך די קרײַצוועגן, מײַן ליבע,
וואָס איבער זיי — דעם קאָפּ פאַרהויבן שטאָלץ —
קעגן דער פינצטערניש געגאַנגען איז אַקיווע
און זײַנע ווײַטסטע אָפּשטאַמען — פאַרהאַרטעוועט, ווי שטאָל.

דער גוילעם גייט דיר נאָך. עס שטימט ניט אַקוראַט דאָ
דער אַלטער כעזשבן אין זײַן מאַלפּישן געהיר;
באַצאָלן נאָך עפּעס דו דאַרפסט אים פאַר דער געלער לאַטע, —
ער האָט דאָך צוויי יאָרטויזנט געקלערט אַף איר.

ער האָט מיט הענט מיט זײַנע עפּעס אַנדערש ניט געזייט דאָך,
ער האָט דאָך בלויז פֿון פרעמדע מי געשניטן און געשפּאָרט;
— גיי גלײַך, מײַן היימלאָזע, ווי ס׳איז געגאַן דײַן טאַטע און
דײַן זיידע,
דערקאָנען וועט אַ יעדער וועג דיך פֿון קאַיאָר.

.28

ועסטו נאָך ווידער, ווען עס איז, מײַן היימלאָזע, אַ פּלי טאָן?
איז נאָך פֿאַראַן אַ וועג, וואָס ווייסט ניט פֿון דײַן ווינד און ווײ?
געעפֿנט האָט זיך, ווי אַן אַלטער סייפֿער בריסק-דעליטע
און ס׳קומען מענטשן אַנגעלאָדענע מיט טרויער און געוויין.

צופֿוס. געהויקערטע. מיט קינדער אויף די הענט.
די בערד — אינדר׳הויך. די ריכטונג — לויט די שטערן.
דער גאָלעס — אײַנגעקנופּט מיט גאַרטלען צו די לענד,
אַף בקירע רײַסן זיך די פֿאַרמעטענע שטערנס.

באַ שטיקלעך צאַנקענדיקע ליכט די מײַלער זיך דערוואַרעמען
זיך אויסגעזעצט זיי האָבן, ווי צו שיווע אַף דער ערד;
און ווינטן וואָיען: — ווער וועט זיך אַף זיי דערבאַרעמען?
און אַלע ווײַל לויפֿט דורך אַ שטערן, ווי אַ שווערד.

פֿון בוג דעם טײַך — אַ זאַווערוכע בושעוועט אַ דולע,
פֿאַרווישט אַ יעדן טראָט דאָרט, שמײַסנדיק מיט שניי;
נאָר אַף געבויגענע מענוירעס פֿון די ביאַליסטאָקער שולן
דעם גאָלעס, גלײַך ווי פֿידלען אויפֿגעהאַנגען האָבן זיי.

.29

אַ ברעקל ברויט באַ פרעמדע שוועלן — אַ פּאַרדאַרטס. —
שוין וויפֿל מאָל האָסטו אַף שוועלן זיך געזעגנט?
אַצינדערט אָנגעקומען ביסטו אין מײַן האַרץ, —
איך וועל — פֿונוואַנען און וווּהין — באַ דיר ניט פרעגן...

עס טאַנצט אַ דווירעסדיקע פּײַן פֿון דיר אַרויס,
פֿון דײַנע אָנגלען רײַסט זי ווילד איצט אַף דער פרײַ זיך;

— ווער האָט באַשיידט, אַז ס׳איז דײַן העפקערער וועג־אויס ?
— ווער האָט געפּאַסקנט באַם געפּאַסעוועטן ווײַסל ?

די פּיס געשניטן האָט דער יאַרדן דיר, ווי גלאָז
און באַוולס טײַכן זיך פאַרפלײַצט מיט דײַנע טרערן,
און ווען באַם רײַן האָט מען מיט פײַער דיך געלאָזט
זײַנען ניט אויפגעגאַנגען דען פאַר דיר די קרעמלדיקע שטערן ?

זאָל איצט מײַן האַרץ דיר, ווי אַ נעסט זײַן אַף אַ בוים,
קאָלזמאַן די האַק האָט נאָך דעם בוים ניט אומגעוואַלגערט ;
דו דאַרפסט נאָך אויסטאַנצן דעם בושע־טאַנץ פון סדוים,
מײַן העפקערע,מײַן טרויעריקע מאַלקע.

.30

אַף יעדן וועג, ווו מ׳האָט געיאָגט דיך און געטריבן,
פון שטילע טריט דײַנע איך זאַמל דעם פאַרזיי ;
איך וועל אין גאַרבן זיי צונויפבינדן אין טריבע
צום אָנטאָן פריילעך אַף די אַקסל וועל איך זיי :

— אָט דאָס פאַרמאָג איך פאַר יאַרטויזנטיקן דײַגען,
נאָר דײַנע בליצנדיקע פיס אַף ווינד און ווי
וועלן ווי פײַקלדיקע פײַקלעך זיך צעפײַקלען
און וועלן פײַקלדיקע — פײַקלען וועלן זיי.

אונטער די כאָרעוודיקע נעסטן זיך פאַרלייג איך,
דעם אײַנגעשלאָפענעם דעם ווי דײַנעם איך וועק ;
איך וועל זיך אויסלערנען די לידער פון די פייגל
און דיך פאַרוויגן אַף אַן אומבאַקאַנטן וועג :

כ׳פאַרמאָג מער גאָרנישט ניט, מײַן היימלאָזע, מײַן מידע,
נאָר דײַנע הענט, וואָס האַלטן אײַן אַזאַ געשריי
וועלן, ווי פידלדיקע פידלען זיך צעפידלען
און וועלן פידלדיקע — פידלען וועלן זיי.

.31

אַ אַ הײם און אַ אַ דאַך, און אַן אַ װעג,
אָן אַן אָנלען ,אָן אַ טרײסט און אָן אַ לאָשן, —
נאָר גאָרע ערד װערט פֿון די טריט דײַנע דערװעקט
און דײַנע דאָרשטן — ניט געשטילט און ניט געלאָשן.

אַ רויטער װאַלד אַף דײַנע אַקסלען זיך פֿאַרלירט,
װי כװאַליעס פֿײַער אין אַ סרײפֿע — אויסגעבויגן;
אַף אַזאַ פֿײַער האָט געבענטשט מײַן מאַמע ליכט,
מיט פֿינגער צוגעדעקט די װײנענדיקע אויגן.

איז טראָג זיך, טראָג איבער דעם אָפּגרונטיקן ראַנד,
ס'באַקלאָגן װינטן דיך אַף טרויעריקע פֿלײַטן;
דו דאַרפֿסט נאָך אויסטאַנצן אַ דוירעסדיקן שאַנד,
דו דאַרפֿסט נאָך אויסטאַנצן אַ דוירעסדיקן װײטיק.

ד'ער טאָג — צעבויטעט — װי אַ זאַק איז אַף דײַן לײַב,
איבער דײַן קאָפּ — די האַק און קרײַץ זײַנען צעפּעכערט;
— ניטאָ די שװערד, װאָס האָט אַף דיר זיך ניט געשלײַפֿט,
— ניטאָ די שװערד, װאָס װעט אַף דיר זיך ניט צעברעכן.

.32

װעט דען מײַן האַרץ מײַן אײנציקס זײַן גענוג
אַף אויסװײנען דעם װײ, אַף אויסטײַנען די טײַנע?
איך האָב געהערט, װי ס'האָט געװײנט אַף דיר דער בוג,
װען האָסט געטאַנצט פֿאַר די, װאָס האָבן דיך געפּײַניקט.

— אַ פֿרײלעכס! — האָבן זײ באַפֿוילן צו דעם װינט,
און דײַנע װאַנדער־פֿיס געמאָרדעװעט זײ האָבן בײזע;
ד'ער פֿראָסט האָט װי אַ בײַטש זײ, װי אַ פֿראָסטיקע געדינט
און װי דאָס װײַסע מעשוגאַס געװאָרפֿן האָט דער שנײ זיך.

פֿון מײַנע אויגן טרעט ניט אָפּ דער בלאָנדזשענדיקער צוג
און די אַרויסגעזעצטע אויגן מיט פֿאַרקילטע טרערן;
— װער האָט געזען, װי ס'האָט די נאַכט געטראָגן דיך פֿאַרצוקט
אין בלײאַסקענדיקע צײַן פֿון אומפֿאַרשעמטע שטערן?

ווען דען מײַן ליבע דיר באַצאָלן פֿאַר דעם פּײַן ?
און אויסזינגען דעם ווײ ווען דען מײַן האַרץ אומשטאַנד זײַן ?
ביז ס׳וועט מיט פֿלאַם און שטײַן דער הימל זיי באַשפּײַען,
ביז אין אַ טויטן־טאַנץ וועלן זיך שטעט באַ זיי צעטאַנצן.

.33

פֿאַרוויג אים, טאַנצנדיק, דעם נאָ־וועגנאַד,
פֿאַרשלעפּער שטיל אים אַף די וועגן ;
מיט אַלץ געזעגנט האָסטו זיך, וואָס האָסט געהאַט
און איצט מיט אים אַליין זיך אויך געזעגן.

געזעגן, טאַנצנדיק זיך — אַקוראַט.
עס מאַכט ניט אויס, וואָס הויל די פֿיס דײַנע זיך דרייען ;
אַף ביימער גרין זײַן אַ ביזאָיען איז דעם בלאַט
און מיט דער ווײַסקייט וואַרגן זיך אַף דר׳ערד די שנייען.

צום פּאַך פֿון דײַנע טריט פֿון ווײַטנס איך פֿאַרנעם :
און יעדער גיט עפּעס אין האַרץ אַזאַ מין שטילן רוים מיר :
— אויב מיטנעמען דעם ווינט דיר ווילט זיך — נעם,
ס׳וועט קלעקן האַרץ. פֿאַראַן גענוג זײַנען דאָרט רוימען.

ער שלאָפֿט ניט אײַן, דער נאָ־וועגנאַד,
ער וויינט, ווי ס׳וויינט אין מיטן נאַכט אַ רעגן.
איז זאָל ער וויינען. האָסט מיט אַלץ געזעגנט זיך, וואָס האָסט געהאַט
און איצט מיט אים אַליין זיך אויך געזעגן.

.34

— אַ וועמען נאָך וואָלסטו זיך מיטנעמען געוואָלט ? — פֿאַרטרוי ;
— וואָס וואָלסטו נאָך פֿאַרלאַנגט צו מיר אין האַרצן ברענגען ?
בליט דען אַ בוים אין פֿרילינג פֿון דער זון און טוי,
ווי ס׳בליט מײַן האַרץ פֿון דאָרשטן און פֿון בענקען ?

דער יאַם האָט אויסגעשפּרייט זײַן בלויע פֿאַך,
אַ יעדער וואָלקנדל פֿון הימל האָט דער ווינט פֿאַרטריבן,
און שטערן ברענען אַזוי העל באַנאַכט,
זאָלסט זיך מיר קאָנען אויסדוכטן, מײַן ליבע.

ניט קיין געברום איך הער פון יאַמעדיקער טיף,
ניט מיט גערויש צו ברעגן רייסן זיך די כוואַליעס, —
זיי וועקן מיך,, זיי רופן מיך, ווען ס'גייט פאַרביי אַ שיף:
— צי כ'וואָלט צום ברעג אַרויסגיין ניט געווען קיין באַלן?

— אַוואַדע. שוין. קיין רעגע כ'וועל ניט זאַמען.
קיין ווינט אין פעלד דעריאָגן ט'מיך ניט קאָנען;
נאָר ס'גייט די שיף ערגעץ אַדורך פאַרביי
און גאָרניט מער. דעם ראַנד פון הימל רירט זי אָן נאָר...

.35

ניט אָפגעשטעלט האָט זיך די שיף באַם ברעג,
עס איז קיין שיף, מיר דוכט, אינגאַנצן ניט געווען גאָר;
עס איז נאָר טרויעריק און זיס געווען דער וועג, —
בעקאָוועד גאָדל וואָלט איך אים אַזוי פאַרלענגערט.

ס'וועט עפשער אויסדוכטן מיר דאָך,
אַז אויפגעעפנט האָט צווישן די שטערן זיך אַ האַפן;
איך ווייס, — ניט באַ דעם הימל־ראַנד, ניט דאָרט.
באַגעגענען זיך, ליבסטע, מיר באַדאַרפן...

ס'מוז אַ געפיל באַ פייגל זיין אַזאַ,
ווען זיי באַגעגענען זיך אַף דער פריי דאָרט,
אַז ווי ס'זאָל יעדערער ניט זיין אין וועג פאַרזאַמט,
וועלן שוין איינס דאָס אַנדערע אינערגעץ זיך ניט מיידן...

דאָך זיך געזעגענען איז טרויעריק אַזוי,
מיט אַזאַ אומעט דעקן איבער זיך די ראַנד;
עס גיט מיט ביטערקייט דאָס זיך אַ פאַרזויג,
ווען פליגל צו דעם אָפפלי שפרייטן זיך פאַנאַנדער...

.36

אין צימער אויסגעלאָשן עמעץ האָט די שיין,
איך זאָל דיך בעסער זען, מיין נאָענטע, מיין ווייטע...
נאָר איך פאַרגין זיך ניט אַזאַ מין זיסן פיין, —
פאַרריגל איך די אויגן — דאָרשטיק און געלייטערט.

מיר דוכט זיך אויס, אַז אַף אַ באַרג ערגעץ איך שטײַג.
די אויגן — צו. איך זאָל קיין אָפּגרונט ניט דערקאָנען.
— צי איז אַראָפּפאַלן דען אויכעט ניט קעדײַ
פֿאַר אַזאַ הייך, וואָס איז פֿאַרזויגן מיט דײַן האָניק?

נאָר יעדער טראָט אַדורך דער פֿינצטערניש דערמאָנט,
אַז צוגעבונדן — איינס צו איינס — מיר זײַנען ביידע;
עס ציט דער וועג זיך, ווי אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, —
— ווי גוט עס איז, וואָס ס׳קאָן קיין שטרעקע ניט צעשיידן?

עס לאָזט דער אָפּגרונט איצט אין ערגעץ מיך ניט אָפּ,
עס איז די הייך אַליין פֿאַרקישעפֿט איצט. פֿאַרפֿאַלן.
— פֿאַר וועמען פֿאַלט איצט אַזוי טרויעריק דײַן קאָפּ?
— פֿאַר וועמען טאַנצסטו איצט, מײַן גאָלדענע, די קאַלע?

.37

ס׳האָט דער מאַגנאָלי אַרום יאָס זיך שוין צעוואַקסן
און זײַנע זאַפֿטן פֿאַרוואַראַזשען יעדער שוועל;
איך ווייס ניט, ווער עס האָט געפּענטעט מײַנע אַקסל,
איך ווייס ניט, ווער עס האָט דעם אָטעם מיר פֿאַרשטעלט.

די ראַנדן רופֿן מיך — פֿאַררויטלטע און רונדע,
ס׳גיט יעדער ווינטל עפּעס איבער מיר געהיים;
ווי אין באַלאַגערונג איך גיי, דאַכט זיך, אַרום דאָ,
אַ יעדער וועג קערט אום מיך אײַליק צוריק אַהיים.

און אין דער היים וואַלגערט זיך אַן עמעץ אַף מיר,
ער וועקט מיך אויף און יאָגט אַראָפּ מיך פֿון געלעגער;
עס הערט ניט קיינער, ווי ס׳צעעפֿנט זיך די טיר, —
און ס׳איז אין דרויסן אַזאַ כווישעך און אַ רעגן...

איך הער, מיין היימלאָזע, אין רעגן־גאָס דײַן קאָל,
דײַן שטיל געוויין, דײַן אײַנגעהאַלטנס, כ׳הער, מײַן ליבע,
ווי כ׳הער דײַן רייעך אינעם בליִענדן מאַגנאָל
ווי כ׳הער די טריט דײַנע אין האַרץ מײַנעם, די טריבע...

.38

ביסט ווײַט, מײַן הימלאָזע, ביסט ווײַט, מײַן ליבע, —
צי טוסטו איצט ניט אָן צום טאַנצן דײַן קאַלע-קלייד ?
צי דעקט דײַן מוילעד-לײַב מיט דעם אַצינד זיך איבער,
ווי ס'דעקט אַ הוילע שווערד זיך איבער מיט אַ שייד ?

ס'וועט הײַנט זיך אויפהייבן פון גרונט-פעסט דער קאַזבעק,
זײַן קאָפּ זײַן זילבערנער ניט קאָנען וועט באַשיידן —
צי איז אַ ווינט אַ העפקערער פון אים אַוועק,
צי אין דער נידער בושעוועט זײַן בלויער שניי דאָרט ?

וועסט אים ניט זען און קיינעם ניט אין דײַן געיעג,
ווען אויסגיין וועסט פון ליבע אויסגעזויגן ;
נאָר ס'וועט די גאַנצע אורוועלט זײַן פאַר דיר אַנטפּלעקט,
פאַר די פאַרריגלטע, פאַר דײַנע טרויעריקע אויגן.

און איך וועל זיצן באַ דעם ברעג פון יאַם,
מיט שטיינדלעך אָפּטרײַבן פון זיך דעם אומעט
און וואַרטן אָף אַ בריוו, דו זאָלסט מיר שרײַבן — ניט פאַרזאַמט,
אַז — „נאָך דעם טאַנץ בין איך צו דיר הײַנט ניט געקומען"...

.39

נאָר דיך, מײַן פּאַווע, ווי דעם גאָלדענעם קאַיאָר,
וועל איך געווים זיך, וואַרטנדיק דערוואַרטן ;
די זון וועט אויפגיין מיטן פלאַם פון דײַנע האָר,
מיט פרישן זאַפרען וועט דער טאָג אַזאַ מין שפּאַר טאָן.

כ'וועל פאַר דיר אויסלייגן פאַרשפּרעכונגען אַזוי,
ווי שפּײַז מע לייגט אָף ווענטקעס פאַר די פייגל ;
ס'זאָל מיט פאַרשיקערונג דיך געבן אַ פאַרזויג
און דיך פאַרגעסן מאַכן אין דײַן ווײַטן ווײ-גאַנג...

כ'האָב ניט קיין גאָלד אָף אויסשמידן פאַר דיר אַ שטיין,
כ'וועל פון מײַן האַרץ אַ נעסט נאָר אויסוועבן אין קלאַנגען ;
אין פלאַם פון דײַנע האָר אָף גאָרע שטרעקעס ווײַט,
בין איך אַליין, ווי אין אַ שטײַג אַ גאָלדענער געפאַנגען.

ס'איז שוין קאַיאָר. די פייגל הייבן זיך שוין אויף
מיט אַזאַ גליקלעך־צוויטשענדיקן האַוועז;
איך לאָז אַנטקעגן דיר אַרוים זיך — באַרג אַרויף,
כ'וועל דיך דערוואַרטן זיך, מײַן גאָלדענע, מײַן פּאַווע.

.40

דער יאַם איז שטיל און העל זײַנען די טעג,
כ'זע ווי אַ זעגל־שיף דיך בלאָנדזשען איבער וועלן;
עס וועט דיך צופירן דער גוטער ווינט צום ברעג
און זיך געזעגענען מיט דיר בײַ גינגאָלדענע שוועלן.

געזעגענען מיט דיר וועט זיך דער ווינט
און מיט שמועל־אַלעפּן אַף שטענדיק זיך געשלאָסן.
— פאַרבלײַב... פאַרפלאַנץ זיך... ווער פונסנײַ באַגרינט.
געזעגן זיך אַף שטענדיק מיטן טרויער.

דאָ איז די ערד אַ יעדערן געטרײַ,
דאָ בליִען אויף די אויסגעדאַרטסטע שטאַמען, —
דאָ וועט דיר יעדער ביימל זײַן אַ פרײַנט,
דאָ וועט דיר יעדער זעמדל זײַן אַ מאַמע...

דער יאַם איז שטיל און קרעפטיקער פון ווײַן,
כ'זע ווי אַ מעווע דיך אַרומשוועבן בײַ ראַנדן;
— מײַן היימלאָזע, מײַן ליבע, — קום אַרײַן,
די קינדהײַט וואַרט אונדז דאָ מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען...

.1940

# דער גאַסטפּריַינטלעכער פויגל

.1

ניט אויפגעוועקט האָט אים דער רויש
פון בלעטער־פאַל באַם ראַנד פון זומער ;
ער איז אַליין צופּוס אַרויס
מעקאַבל פּאָנעם זיַין דעם אומעט...

אַ זונענרויז — פאַרבראָכן, שווער ;
אַ בין אַרום איר עפּעס זשומעט :
אַ וועג — אַ היך, אַ וועג — אַהער,
ווי זעט ער אויס אָט דאָ, דער אומעט ?

פון בראָכע ברעכט זיך איַין דער פליין.
צעשטעקט דער האַרבסט זי אומעטום האָט ;
און פונעם ווינט אַ שטיל געוויין, —
צי זעט ער אויס אַזוי, דער אומעט ?

דער לאָן אין בלעטער, ווי אין רום,
די ביימער פליִען, דאַכט זיך, אומעט ;
ער קוקט אין יעדער זיַיט זיך אום :
— ווי זעט ער פאָרט דאָ אויס, דער אומעט ?

אַ גיי געטאָן ער האָט אַף גיך,
פון וויַיט — אין מיר זיך איַינגעזויגן :
— עס זעט דער אומעט אויס, ווי איך,
מיַין גוטער, גאַסטפריַינטלעכער פויגל ;

אין בלעטער־פאַל — ביז צו דער ברוסט,
ווי נ׳סטרוזשקעס גאָלדענע פון זומער, —
גייט ער אַליין אַרום צופוס
מעקאַבל פּאָנעם זײַן דעם אומעט...

.2

קאָן זײַן, ווי אַלץ — אין צײַט פון וועלק,
ווען ס׳האָט דער האַרבסט גענומען מאָנען, —
איז אויך זײַן נעסט געוואָרן — טעל
און ער אין איר — ווי אַן אַלמאָנע?...

קאָן זײַן — אונטער דעם רעגן־קנויל,
ווען אַלץ געצוווּנגען איז זיך אויסטאָן, —
איז ער דאַן אויך געבליבן הויל
און האָט זיך ניט מיט וואָס אַ גרוים טאָן...

קאָן זײַן, אַז פון דעם מעסערס ריר
האָט זיך אין האַרבסט ניט אויסגעהיט ער.
מעגלעך — געענדערט דעם קאָליר,
מעגלעך — די פעדערן געביטן...

נאָר ס׳קאָל ז׳געבליבן און דער בליק,
דער שטאָלץ פון קאָפּ, וואָס טוט זיך וויגן
אין רויטן פוכענעם באַשליק
איבער די שוועבנדיקע פליגל...

און ניט פאַרקירצט האָט ער דעם עק,
וואָס ווי אַ שלייף באַשײַנט אים זומער. —
אַזוי איז ער אַרוים אין וועג
מעקאַבל פּאָנעם זײַן דעם אומעט...

.3

ער קוקט אין יעדן קוסט זיך אײַן,
ווו צווײַגן קרעכצנדע זיך בויגן:

— וועסט  מ י ך  מעקאבל פּנעם זײַן,
מײַן גאַסטפרײַנטלעכער, גוטער פויגל:

ניטאָ קיין אומעט אין דעם האַרבסט,
ס'איז זיסע מידקייט אַף די וועגן;
און איך בין דער, וועמען דו דאַרפסט,
און ריכטיק האָסטו מיך באַגעגנט.

ניטאָ אין וועלקונג איז קיין ווײ,
פאַר ווידערוווּקס זי איז פאַרשפּראָכן;
אָ, ניט אַליין צו דיר איך גײ, —
איך גײ מיט בערג, — מיט מײַן מישפּאָכע:

דער וועג צו דיר איז, ווי אַ האַרף,
מיט קלאַנגען טויזנטער געלאָדן.
און דו ביסט דער, וועמען איך דאַרף,
פּונקט ווי דער זאָמען דאַרף דעם באָדן.

דײַן גאַסטפרײַנטשאַפט אַף ערד צעבליט,
— כ'וועל זײַן אַן אָפּקלאַנג פון דײַן ליד,
נאָר איך פאַרלאַנג ניט זײַן דײַן אומעט.

.1947

# פֿאַרטאָג

פֿאַרטאָגיק־פֿײַערלעך און מיד —
צערטלט דער יאַם זיך, אַ געפּלעטער,
און הערט זיך אײַן, ווי ס׳קלינגט דער שמיד
באַם גרינעם בלאָז־זאַק פֿון די בלעטער.

ער גיט דורך ווינטעלעך אַ פֿרעג
מיט זײַנע זילבערנע געוועבן:
— ס׳איז ניט קיין גלעקלעך אויפֿן וועג ?
— אַ באַרגנקוואַל פּליסט דורך דערנעבן.

פֿון רויש פֿון אײגענעם פֿאַרטשאַדעט,
הערט ער זיך אײַן פֿאַרוווּנדערט־שטיל
אין צויבער־מורמל פֿון דער גריל,
אין דינעם שטעפּ פֿון דער ציקאַדע.

פֿאַר שטילקייט איז געגרייט זײַן פּלאַך,
פֿאַר לעצטן צאַנק פֿון שטערן גרינע ;
ער הערט, עפּשער, ווי איך בין וואַך,
ווי כ׳גיי געפֿאַנגען אין באַגינען ?...

.1948

# דער יאַם פאַרטאָג

די רו פון בערג פאַרופט דער יאַם
פאַר זײַן פאַרטאָגעדיקן דרעמל;
צוקאָפּנס — פון באַגין דער פלאַם,
צופוסנס — אַ געהיל פון דעמער.

און מיט אַ קרעכצנדיקן וועק,
ווי דורך אַ כאָלעם אויפגעפלאַטערט, —
גיט ער פון שלאָף אַ טאַפּ דעם ברעג
און זײַנע שטיינדלעך אַ צעפּאַטל.

זיך אָנכאַפּן באַם ברעג ער פּרוּווט
און אין די שטיינדלעך זיך פאַרקלעמען
אין דער פרימאָרגעדיקער לופט,
אין דעם באַגינענדיקן דרעמל.

נאָר ס׳ענטפערט אים מיט אָפּהילך בלויז
זײַן קרעכץ זײַן אייגענער — צעשאָטן
און ס׳פאַלט אַף זײַן לעוואָנע־שוים
פון ברעג אַ ציטערדיקער שאָטן.

.1948

# לענינס באַרעליעף

אַף דעם באַדאַרפט האָט גרינע העפט
די באַרגיקע, די אײַנגעשפּאַרטע יאָדלע.
זי זאָל די צווײַגן אויסשפּרייטן באַם באַרעליעף,
ווי ס'שפּרייט די פליגל אויס אַן אָדלער.

אַף דעם באַדאַרפט האָט האַרטקייט דער גראַניט
און זײַן געוואָרצלט טיף מיט שטאַמען.
אַז ס'זאָל די צײַט ניט אָפּווישן דעם שניט
וואָס איז פאַרקריצט פון דאָלעטע און האַמער.

אַף דעם באַדאַרפט די הויכקייט האָבן בערג
אַף דעם האָט אָנגעטאָן אין שיינקייט די נאַטור זיך.
אַז זײַן אַ ראַם זיי זאָלן זײַן די ווערט
פאַר דעם וואָס איז פון  ז ײַ ן  די אורזאַך.

# די בערג פאַרנאַכט

.1

מיט שאָטנס שאַפן זיי די ווײַט פאָרים.
די קעפ — פאַרדרייט, ווי בײַ פאַריאָגטע קעמלען:
מע זעט בײַ זיי די אויסגעקנייטשטע גיידערס בלויז, —
זיי דרעמלען...

כ׳האָט עפּשער, ווי צו געטער זיך צו זיי, געבוקט אַמאָל,
קאָרבאָנעס זיי געבראַכט צופֿוסנס — יונגע שעפסן;
נאָר ס׳האָבן קלוגע סטעזשקעלעך געפּלעט זיי אָן אַ צאָל.
מיט רייפן גאָלדענע אַדורכגעשטעפּט זיי...

אַ שטערן פֿאַלט אַף זיי, נאָר אָן אַ טראָפּן ליכט,
דער דונער וועקט זיי ניט. דער בראָך טוט זיי ניט ווי שוין:
און נאָר דער מענטש זיך ציט צו זיי — פֿאַרפּירט.
ער זעט אין זיי — כימערן פֿון בערייִשים...

.2

אַ רעגנבויגן פֿעלט אין קאַלטן רוים,
ער זאָל דאָ פֿײַערלעך אין מאַבל אַ דערמאָן טאָן:
זיך אײַנשפּאַנען אין אים אַ באַרג זאָל ווי נ׳אַ צוים
און ווי אַ שטערנבאַנד — זאָל אים אַ צווייטער אָנטאָן.

נאָר ווי אַ כמאַרע נידערט שטיל אַ טשערעדע פֿון זיי,
זי טרײַבט דעם ווינט. ס׳קוקט אַ צעוויגטע יאָדלע אָן עס;

אַף זיך די וואָלקנס רײַטן זיי, ווי ווײַטע קאַפּושאַנעם
און שפּאַרן דורך די קעפּ, ווי פון אַ ווירבלדיקן שניי.

צום ראַנד זיי טוליען זיך. דעם הימל — אַ דערגרייך,
און ווינטלעך־אויסשפּירער אַף יעדן שטעג זיי וואַרפן;
עס דוכט: — זיי האָבן זיך אַ הייב געטאָן אינדר'הייך,
פּונקט ווי דעם אָפּגרונט איבערשפּרינגען זיי באַדאַרפן...

.3

אין פּעל אין גאָלדענע — באַצירט —
שטעלן די בערג זיך אוים צו שקיִע.
פּונקט ווי אַף געסט מ'וואָלט זיך געריכט
פון דאָרט, ווו שטערן זיך צעגליִען.

נאָר ס'קומט אַן אומעטיקע קו
און לאָזט צום גראָז אַראָפּ די הערנער.
— אַ פּאַסטעכל — פון ערגעץ־ווו
און שטילקייט געטלעכע — נאַכהער נאָך...

זיי שלעפּן שאָטנס נאָך אַהער
אַ בײַטש. אַ טאָרבעלע — דערנעבן...
און ס'קוקן טריב אַף זיי די בערג,
אַדורך דעם טונקל־רויטן נעפּל...

# רויטע שטיינער

אין זייער זכוס, איז אויך די יאָדלע, וואָס דערביי
שוין אויך באַרימט. ווי רויט געווען וואָלט זי. — אַליין נאָר.
און זיי? אַזוי: מיט מאָך באַוואָקסן און צעבײַלט,
ווי שוואָמען ריזיקע, — די רויטע שטיינער.

פון אונטער נעבל וואַרפן זיי אַרויס די קעפּ:
צי זוכט מען זיי ניט — אין פאַרבײַגיין?
— אָט זײַנען זיי. פאַרבײַגייער, געפּאַסט אין טרעפּ, —
ווײַזט אָן די יאָדלע מיט פאַרופנדיקע צווײַגן.

זי האָט דעם נעבל אָפּגעטרייסלט פון איר גרינעם אַליין,
ווי ס'טרייסלט אָפּ אַ פערד די גריווע אונטער וואַסער־
שטראָמען;
און וואַרט — ס'זאָל עמעץ באַ די שטיינער בלײַבן שטיין
און זיך פאַרייביקן אַף איר מיט אויסקריצן דעם נאָמען...

קיסלאָוואָדסק, 1947.

* * *

ס׳פּאַרוויאַנעטע גראָז האָט געקײַעט די קו
צוריק דאָס צעקײַעטע גראָז איז געקראָכן;
די אויגן — קיין ריר, אינדערווײַטן זי קוקט, —
און גרינס פון אַ בוים האָט געטאָן איר אַ פּאַכע.

זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען, ווי ס׳שטערבט זיך אַ בוים,
זי האָט ניט געזען אָנשטאָט בלעטער די נאָדלען;
באַוועגט פון פרימאַרגיקן ווינטעלע קוים, —
אַף העלפט איז באַגילדעט געשטאַנען אַ יאָדלע.

איז צוגאַן די קו. פון דער יאָדלע אַ שמעק
ס׳איז גרין און סע שמעקט, וואָס איז ניט, וואָס איז יאָ דאָ...
אַ הייב געטאָן טייקעף פון ווייטאָק דעם עק
געלאָזט אַף די הערנער זיך נעמען די יאָדלע.

אַ שטויס אין דעם בוים, זיך געקוויקט מיט דעם טאָם
און אָנגעשטרענגט שטיל אַף אַ ווײַל דאָס געהער נאָך;
דערנאָך — אַ געפּלעפּטע — גענומען אין שטאָם
זיך קראַצן דעם שטערן צווישן די הערנער.

ווי איינער רעדט: — מיילע. סע טרעפט זיך, איז ניט:
איז כאַטש מיט אַ קראַץ די הויצאָעס זיך דעקן...
און ס׳פּאַסטעכל האָט פאַר דער טאָרבע געקניט, —
ער האָט עס געטאַפּט, צי דאָס ברויט וועט אים קלעקן.

.1947

# די אַלטע רעים־מאַשין

פון אונטער דער פאַרדאַרטער בלאָטע אַלץ נאָך בלויט
איר בונטע יוגנט, וואָס פאַרקנאַסט זי מיטן וועג האָט,
כאָטש ס'הענגען שוין אַריבער טראַלדן פון איר בויד,
ווי פון אַן אַלטן אָפּגעבליאַקעוועטן בעגעד.

מע וואַשט שוין מער ניט אָפּ פון איר דעם קויט,
אַרומגעוויקלט ליגט אַליין דער וועג אָף אירע רעדער;
עס שיילט זיך, ערטערווייַז, איר דאַרע הויט
און ערגעץ שושקען זיך אָף איר די לאַטקעלעך פון לעדער.

נאָר אַז מע כאַפּט זיך אָף איר, טומלדיק, אַרויף
און מיט פאַרברוין פון זון די לאַטעס אַ פאַרעד איר,
גיבן די טראַלדן ווי אַ גריווע זיך אַ פאַטער אויף,
ווי בײַ אַ גוטן פערד די פיס גיבן אַ ציטערל די רעדער.

און זי דערלאַנגט אַ קריי, ווי עמעצער וואָלט זי געווערגט,
אַ שטויב גיט אַ צעפּאַכע זיך פון איר, ווי פליגל;
עס וואַרטן ערגעץ שלייפנדיקע וועגן אין די בערג,
פאַרטײַעט גיבן אָפּגרונטן זיך ערגעץ אַ צעזיגל —

און דאַן — אויך איר אַריבעריאָגן עמעצן זיך ווילט,
כאָטש אַ פּאָר אָקסן — אײַנגעשפּאַנט אין אַ געבײַ פון לאָזע;
די פרייד איז זוניק, אויפגעוויגט און ווילד,
די בויד — פאַרפולט מיט ווינט, גיט יעדער ווײַל אַ בלאָז זיך.

און אָקסן שפּרינגען אָפּ, דערשראָקן אין אַ זײַט
און מיט אַ זײדל קוקט פון אונטער שטרויען־הוט דער טרײַבער;
ער זעט אַ זײַל פון שטויב, פאַרטראָגן אין דער ווײַט,
די דורכגעפלויגענע מאַשין מיט גאָלדיק־שווינדלדיקע לײַבער, —

זי סקריפּעט און זי קרעכצט, און קריכט שוין פון דער הויט,
און טענצלט אונטער באַ געפערלעכע אַדורכגענג, —
עס פליִען אין דער לופט די טראלדן פון איר בויד
און אַ פאַרקער זי וויכערט דורך, ווי אַ מאַזורקע —

מער אין דער לופט, ווי אַף דער ערד,
מער אין געשפּרונג, ווי אין די וועגעדיקע שלייפן;
זי טאַנצט, די בויד, אַריקעד אין די בערג,
גלײַך ווי אַ באַרגיקע אַן אַלטע מעכאַשייפע —

און ס'שאָקלען זיך, ווי שיקערע, די פעלדזן איבער איר,
און טײַכן שטראָמענדיקע טרעטן איר דעם וועג אָפּ;
ס'גיט יעדער ווײַל דער אָפּגרונט זי אַ ריר,
אַ קיצל מיטן ראַנד ער גיט זי יעדער רעגע.

און לאָזט זי אָפּ פאַר ווײַטערדיק געפעכט,
און לאָזט זי נאָך אַמאָל דערשרעקן אַ פאָר אָקסן;
נאָר פון אַנטקעגן — אַ מאַשין אַ צווייטע זיך דערהערט,
זי גיט מיט שויפערדיקן הילך אַ מעלדע און אַ טראָג זיך.

פאַרגאַנוועט פון אונטער די בערג אַ געוויש זיך.
אַזאַ מין פאַריאָגטער געוואַי און געוויין:
— צי האָט זיך אַליין דאָרט צעיאָמערט דער כוישעך,
צי וויינען די בערג אין דער פינצטער אַליין?

— וואָס וויינען די בערג? איז זיי אויך דען אומהיימלעך
די שטילקייט פון הימל, די קעלט פון פאַרגאַנג?
עס שלאָגט פאַר געווים זיך דער ווינט מיט די ביימלעך,
וואָס האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין איינזאַמען גאַנג...

און עפּשער אַ מענטש דאָרטן בלאָנדזשעט פאַראיינזאַמט.
און ס'פאַלט דאָרט די נאַכט, און ס'פאַרפאָלגט דאָרט דער ווינט...
עס גאַנוועט אַרײַן פון די בערג דאָס געוויין זיך
און, וואָיענדיק, ערגעץ אַזוי סע פאַרשווינדט...

.1947

# זײַ, װײנט, לעם מיר

דאָ איז מיט זיבן יאָר צוריק געװוען זײַן ראַנד,
מיט אומרו און מיט דאָרשט געפּעסטיקט ער געװוען איז;
— האָסט װײנט, אים ניט געזען? קײן סימען ניט פֿאַראַן?
דער האַרבסט אויך דאָ געבראָכן האָט מײַן גרענעץ.

די שטײנדלעך באַ דעם ברעג. די בערג אַף זײער אָרט.
די פּאַלמען פּונקט אַזױ, װי אַלעמאָל, װי שטענדיק,
נאָר איך בין אָפּגעטראָטן נאָך אַף זיבן יאָר
פֿון דאַן, װען כ׳בין געװוען דאָ...

— האָסט, װײנט, זײ ניט געזען? — זײַ, װײנט, לעם מיר.
די צײַט באַפֿאַלט. װי לײַכט ס׳קומט אָן איר.
כ׳גיב איר אַלײן זיך אױס. כ׳טראָג איר מײַן האַרץ, מײַן מי,
װי נ׳בינשטאָק טראָגט פֿאַרליבט די בין איר האָניק.

כ׳פֿאַרשפּאַר אַלײן איר, װעבנדיק די נעץ,
אַלײן כ׳גיב, לױפֿנדיק, זיך אָפּ אין אירע אָרעם, —
איך הער דעם גלאָקעדיקן הילך, — נאָך ניט געזעצט
ער קײַקלט זיך אַפֿן פֿאַרשװינדנדיקן גאַנג פֿון יאָרן.

יאָ, דאָס בין איך — אין מײַן באַשטענדיקן פֿאַרשװינד,
יאָ, דאָס בין איך — אַ גאַסט איך גײ פֿאַרבײַ דאָ;
איצט איז אָט דאָ מײַן ראַנד. דו זעסט אים, װײנט?
אויך אָפּטרעטן פֿון אים כ׳װעל אומפֿאַרמײַדלעך.

.1948

# דער ווינטער גייט

געבראַכט אַ בסורע האָט דער ווינט,
אַ שמייס געטאָן די יאָדלעס די צעגרינטע.
די קעפּ צעטרייסלט זיי געשווינט:
— דער ווינטער גייט. עס גייט דער ווינטער;

ס'האָט עפּשער נאָך זיין וועג דאָרט ניט פאַרענדיקט ווער.
ווער נאָך באַווייזן אָנקומען אַהיים ער?
ווי בערן זויגן לאַפּעס אייגענע די בערג
און ווי אין פיבער וואַרפן זיך די ביימער.

מיט אַ בעהאָלע רייסט די בסורע אויס
באַם ווינט פון מויל אַ יאָדלע נאָך אַ יאָדלע:
זי גיבן זיך, ווי אַף אַן אומגליק אַ צעברויז
און אַ צעפּליעסקע מיט די נאָדלען.

עס כאַפּט זיך אויף דאָס טויטע גראָז,
אַ ריגעווע זיך געבן טויטע בלעטער
און אַלץ איז אַ געוויין, און אַלץ איז אַ צעגאָס,
דער ווינט אַף וועגט אַף גלייכע קלעטערט.

אַף אַ געפּעכט ער רופט דאָרט אויך אַרויס
די אָפּגעטרייסלטע, די הוילע ביימער:
זיי זיינען שטום, מיט קעפּ זיי שאָקלען בלויז,
זיי קלאַפּן צו נאָר מיט די צווייגן, ווי מיט ביינער.

.1948

# די רויז

פֿאַרכאַלעשט אַפֿן טיש געלעגן איז די רויז
אַ נאָר־וואָס אָפּגעריסענע פֿון דערנערדיקן פֿלאָנטער:
— דאָס ערשטע מאָל אין לעבן קומט איר אויס
צו שלאָפֿן ליגנדיק. — וואָס קאָן זי טאָן דען?

געטריפֿט האָט נאָך פֿון איר אַ פֿרישער טוי.
אַראָפּגעהאַנגען האָט פֿון שטענגעלע פֿון דינעם
אַ פּאַסיקל זיך שײלנדיקע גרינע הויט.
ווי ס'וואָלט אַ זאָקנבענדל אָפּגעשפּיליעט זיך אינמיטן דרינען.

די צוויי־דרײַ בלעטלעך — דלאָניעדיק געשטרעקט פֿאָרויס —
געוואַלגערט האָבן זיך, ווי איר צעוואָרפֿן אָנטאָן:
אין כאָלעם האָט זי זיי געזוכט, די אָפּגעהאַקטע רויז.
און מיט די דינע לעפּעלך געאָטעמט און געפּלאָנטערט:

— ווועט זי שוין מער ניט עפֿענען זיך אַף באַנאַכט?
— ווועט זי שוין מער זיך ניט פֿאַרמאַכן צו באַגינען?
אין ראָזיקן אונטערוועש, האָט ציטערדיק די רויז געוואַרט,
ס'זאָלן זיך צודעקן די בלעטעלעך די גרינע.

פֿאַרבראָכן איז בײַ איר געוועזן דאָך דער קאָפּ.
ווי אין די צויבער־נעכט, ווען ס'זינגט דער סאָלאָוויי איר.
ווען אַף איר שטענגעלע זי שטייט און קוקט אַראָפּ
אונטער דעם שוימיקן לעוואָנעדיקן ווייער.

— כ׳בין ניט קיין סאָלאָוויי: דיר אומקערן איך קאָן דעם טוי.
דיך צוטוליען צום מויל. וועסט עפּשער ווידער אַ צעבלי טאָן?
ביז וויטאָק דיך אַן אָטעם טאָן — אַזוי...
און... בלוט אַ שפּריץ געגעבן האָט פון מײַנע ליפּן...

# באַם פּליאַזש

אַן אָפּגעזונדערטער, אַליין, באַם סאַמע ראַנד,
אָפּן פּליאַזש זיצט, ווי אַ סטאַטוע דאָרט — אומבאַוועגלעך
אַ בראָנדזנלײַביקער מאַטראָס. — ער האָט איין האַנט,
ער קוקט ווי כוואַליעס באַ די פּיס זײַנע זיך ברעקלען.

ער קומט צום פּליאַזש, ווען קיינער איז ניטאָ,
העלפּט מיט די ציין באַפרײַען פון בושלאַט זיך
און טוט צוריק אים אַזוי גיך ניט אָן,
ביז אָף זײַן לײַב נעמען פּוכירעלעך זיך פּלאַצן.

דעם גאַנצן רוים מיט בליק זײַנעם ער מעסט,
צווישן די אויגן — שוויים געדיכטע טראָפּן;
ער זעט אין יאַם די שווימענדיקע שטאָט אָדעס,
ער זעט אין יאַם זיך שפּיגלען סעוואַסטאָפּאָל.

די קריג האָט אים געלאָזט איין האַנט,
די ליבסטע האָט איין וווּנד געלאָזט אים;
אָט דאָ האָט ער שפּאַצירט מיט איר באַנאַנד,
די טריט, ווי פּולקעס אונטער קליאָש, געמאָסטן.

ס׳גיבן די מוסקולן פון בענקשאַפט אים אַ גיי
און בלײַבן שטיין באַם אָפּריס פונעם אַקסל;
ס׳איז גוט פאַרצערעוועט מיט מײַסטעריש געניי,
אָבער פון האַרץ די וווּנד ווערט ניט פאַרוואַקסן...

— ווען מע זאָל קאָנען, — גיבן זיך אויגן אַ פאַרגוס, —
וואָלט ער דעם גאַנצן יאַם דעם בלויען,
ווי אַ באַיאַן גענומען אַף דער ברוסט
און אויסגעשפּילט אַף אים זײַן טרויער...

איז אָפּגעזונדערט, מיטן שאָטן — זאַלבאַנאַנד,
צום ברעג קומט ער צו גיין טאָג־טעגלעך, —
זעצט אַפן פליאַזש אַוועק זיך מיט איין האַנט
און, ווי אַ סטאַטוע ער קוקט אין ווײַטן — אומבאַוועגלעך.

# פאַרנאַכט באַם יאַם

אַרויסקריכן פון יאַם פאַרנאַכט איז שווער,
ער איז נאָך צאַרטער דאַן, פאַרופנדער און מילדער;
כאָטש ס'צינדן פײַערלעך זיך אָן שוין אין די בערג
און ס'גיבן ראַנדן זיך אין שלייערס אַ פאַרהיל דאָרט.

אָט ווײַט צעטראָגט זיך יעדער ברעקל שטים,
וואָס רופט און בלײַבט ערגעץ אין דעמער איינזאַם;
און מיטן וואַרעם מויל, זיך צוטוליענדיק שטיל, —
נאָך ניט אַרויסגיין, — בעט דער יאַם אַליין זיך.

ער צינדט זיך באַ די ראַנדן אָן. ער ברענט.
די הוילע קערפּערס ווערן טונקלער און געהיימער;
די נאַכט צו זיי פון ווײַט גענענט
מיט טריט פון שאָטנס, פאַלנדע פון ביימער.

פאַרהויבנדיק די קעפּ צו דעם ערדיקן בלײַ
ווערט אַזוי זיס די נעסט און גלוסטיק דער געלעגער,
ס'ווערט אַזוי לעבעדיק דער פלאַפלדיקער זײַד און לײַן
און בריסטן וויגן זיך, ווי אונטערוואַסערדיקע גלעקער.

ווען ס'וואַלגערט דאָרט אַ כוואַליע אום זיי באַם אַרויס,
כאַפּן זיך טומלדיקע הענט באַ שטיינדעלעך באַ גלאַטע
און דעמאָלט זעען די זיך באָדנדיקע אויס,
ווי אַף דעם וואַסער־טרונק אַ גין־גאָלדענע סטאַדע.

זי פֿליִעסקעט זיך און שפּילט זיך אומגעשטערט
און אַפֿן פּײַפּעלע פֿון מוילעד נאָר זי וואַרט דאָרט ;
אַרויסקריכן פֿון יאַם פֿאַרנאַכט איז שווער,
ער איז נאָך מילדער דאַן, פֿאַרופֿנדער און צאַרטער.

1948.

# דאָס דריטע מאָל

— פאַרהאַלט ניט, לײַכטזיניקער ווינט. וווּהין — ניט פֿרעג.
דער וועג מיט קישעף מיט פֿאַרבאָרגענעם זיך דרייט דאָ;
ס'טראָגט מיט געיובל די מאַשין זיך דורכן וועג, —
דער ווינט — אַנטקעגן און די זון איז אַ באַגלייטער.

וויפֿל די אויגן ניט פֿאַרשעפּן דאָ, — איז קאַרג.
עס ברענט די זון אַף הוילע לײַבער, גלײַך ווי שפּיגלען;
ס'שטופּט מיט די עלנבויגנס אָפּ דעם יאַם אַ באַרג,
איבער דעם באַרג פֿון ערגעץ וואָלקנס זיך צעוויקלען.

אַף וואָלקנס — שלעסער דעקן גאָלדענע זיך אָפּ
און אַף די שלעסער אונטער הימלען — אַזאַ בלויקייט.
ס'גיט זיך אין פֿיבער אַ פֿאַרײַס אַהין דער קאָפּ,
מיט היץ צעשפּאַרן ניט-געזעטיקט זיך די אויגן:

— וואָס איז דאָרט נאָך? עפּעס איז נאָך דאָרטן פֿאַראַן.
ס'ענדיקט דער דאָרשט זיך ניט אינערגעץ, ווי דער הימל;
ער שפּאַרט אַדורך זיך — אָנגעהויפּנט ביזן ראַנד —
אַזאַ מין אויפֿגאַנגדיקער, יונגער, ווי אַ הימן.

געהאַקטע אויסרופֿן, פֿאַרשלונגענע פֿון ווינט,
און הענט, צעפּאַכעט אין דעם לופֿטיק-בלויען דורכזיכט;
ס'יאָגט די מאַשין, ווי אַף אַ כאַסענע — געשווינד,
באַ די פֿאַרקערן, ווי אַ וויכער רײַסט זי דורך זיך

מיט בליק אין אָפּגרונט, מיט געדרוי און מיט געפּײַף,
ס'זאָל זיך אַ צווייטע פון אַנטקעגן מעלדן גיכער;
און אַ געהילך שלאָגט ווי אַ כוואַליע אָן זיך שטײַף,
עס פלאַטערט דורך אַ מעגגע גריסנדיקע טיכלעך:

— דאָס דריטע מאָל מיר שטײַגן אויף דאָ אין קאַיאָר,
דאָס דריטע מאָל צום גרינעם וואַסער פון דער ריצאַ, —
אָבער ס'איז ווייניק. נאָך אַמאָל — איבעראַיאָר
דאָ זאָלן טרעפן פונדאַסנײַ אונדזערע טריט זיך.

# דאָס מיידל מיט די צעפּ

אַ בויגיקע, איז זי געגאַן פּאַרוים,
דעם קאָפּ — אַרויף, ווי זי וואָלט גייענדיק, געוואַקסן;
די שוימענדיקע האָר, האָבן געדוכט זיך — זידן אויס
און גיסן זיך פון קאָפּ אַריבער אַף די אַקסל.

ס'האָט זיך געדוכט, אַז העכער יעדער ווײַל זי ווערט
און לאָזט פון לײַכטסטן ווינטל זיך אַ וויג טאָן;
געפּלאַפּלט האָט דאָס לײַכטע קלייד, ווי אין געפּעכט,
מיט אַ געלעכטער, האָבן צעפּ געפּלאָסן ביז די היפּטן

און זיך פאַרהאַלטן באַ דעם גלאַנץ פון די אַנטבלויזטע פיס,
וואָס האָט געשפּאַרט אַנטקעגן זיי, אַ מירמלנער, אַ מאַטער,
ווי אָפּגעשפּרונגען וואָלטן זיי אינמיטן שוימיקן געפּלים
מיט אַ פאַרבאָרגן-שאָטנדיקן, שטילן פלאַטער,

און זיך פאַרטײַעט, שאָרכענדיק באַם שלום,
זיי האָבן נאָכגעלאָזט, ערגעץ צעפּלאָכטן אין דער ברייט זיך;
ווען ס'האָט דער ווינט איבערגעקויקלט איינעם אַף דער ברוסט,
האָט זי מיט שטאָלץ אַ וואָרף געטאָן צוריק אים אַף דער פלייצע.

געמינעט האָבן זיי זיך, בלאָנדע, אין קאָליר,
די זון האָט זיך אַף זיי געזעצט. מיט קאָס מיט גאָלדענעם
געקעמט זיי;
זי איז געגאַנגען לײַכט און פלאַטערדיק. די ערד קוים אַ באַריר,
ווי ס'גייט איבערן שניי פון שפּיצן בערג אַ יונגע געמזע.

אַראָפּגענידערט האָט דער זון־פאַרגאַנג אין ברעג,
נאָר זי איז אויפגעגאַן... און ביסלעכווײַז פאַרשווּנדן...
איך האָב איר פּאָנעם ניט געזען,
כ'האָב ניט געדענקט, אַז עפּעס נאָך טראָגט אָט דער ווּנדער...

# די אומגעריכטע ריכטונג

האָב איך באַמערקן דען געקאָנט אַפֿן פּעראָן די האַנט,
וואָס ווײַזט פון צוג די שווינדלדיקע ריכטונג,
און פון אַ בלאָנדן קאָפּ — אַ בלויער באַנט
האָט מיר פֿאַרשלייפֿט דעם בליק — אינערגעץ זיך קיין ריר טאָן?

אַ בלויער באַנט אַרום אַ סטויגל בלאָנדע האָר,
ס'האָט זיך געטוקט, געשווינדלט איבער קעפּ פון פּאַסאַזשירן;
אַ וועלכע ריכטונג איך באַדאַרף — איז מיר שוין קלאָר,
קיין אַנדערע איז ניט פֿאַראַן און וועט אינערגעץ ניט פֿאַרפֿירן.

ווי דער פרימאָרגן איז זי מיר באַשערט, געוויס.
אַפֿן פּעראָן. אַן אומגעריכטע אַקוראַט דאַ.
און כ'האָב דערזען דעם גלאַנץ פון ברוינע אָפּגעדעקטע פיס
אין בלאָנדן קאָפּ און אינעם שווינדלדיקן בלויען פֿלאַטער.

# אַפּן פּעראָן

אין פענצטער פון וואַגאָן איז איַינגערעמט דײַן קאָפּ,
דו קוקסט אַרויס מיט אַזאַ אומעט פון צעשיידונג;
ס׳פאַלט צו די נאַכט. דער צוג רײַסט פון פעראָן זיך אָפּ.
ווי אַף אַ דנאָ פון אויסגעשעפּטן יאַם ווערט שטיל און ליידיק...

נאָר עס פאַרשווינדן ניט פון הינטערשטן וואַגאָן
די רויטע פײַערלעך אין ווייכער דעמערונג פאַרהילטע,
ווי דײַנע איילבירט־אויגן, וואָס זיי קערן מיר איצט אָן —
אַזעלכע ניט־דערזאָגטע און דערשראָקענע, און מילדע...

פאַרוואָס דערנעענטערט די צעשיידונג ביז צו פּײַן?
פאַרוואָס איז אַזוי זיס די בענקשאַפט פון דער ווײַטן?
כ׳וועל דײַנע אויגן זען אַ לאַנגע צײַט נאָך אין דער שײַן
פון די פאַרשווינדנדיקע פײַערלעך אין דעמערונג פאַרטײַטע...

.1948

# דײַן בליק

פֿון יעדער רײַזע אין דעם אויסגעדוכטן גליק
קער איך זיך אום — אין ווּקס אַ ביסל קורצער ;
מיר גיט צוּווײסן עס דײַן אומשולדיקער בליק,
וואָס מיט אַמאָל אַזאַ מין הויכער מיר ער דוכט זיך...

נאָר אַזאַ שטראַלנדיקס פֿאַראַן איז אין דײַן בליק,
וואָס לאָזט דעם קאָפּ מײַנעם אין שולד זיך דאָך ניט בויגן,
אַפֿילו ווען אין האַרץ כאַראַטע זיך צעבליט
און ווען אַ טרער פֿאַרבלישטשעט אין די אויגן...

אַף די געיעגן געשפּענטיקס, נאָך געדאַכטס,
ווערט מיר דער וועג צו דיר געלײַטערטער און נענטער,
און, איבערוואַרפֿנדיק אַף שטרעקעס דיר מײַן האַרץ,
לאָז איך זיך דאָך, אַף ווי אַ פֿײַערל, אַ ברען טאָן.

.1948

# באַם יאַם

קערסט עפּשער אום זיך איצט אינעם פאַרגייענדיקן פלאַם —
די לעצטע צווישן די, וואָס גייען, אויסגעבאָדענע, אַף רו שוין,
און ס'קוקט דיר נאָך, אײַנגאַנצן אַ צעשמאָלצענער, דער יאַם
מיט זײַנע רוישנדיקע גאָלד-געוועבטע פּליושן.

דו זאָלסט פון ווײַט זיי טאָן אַף זיך אַ כאַפּ אַרויף
און לאָזן זיי אין דײַן פאַרברוין זיך טאָן אַ שפּיגל:
ער ציט זיך אויס, דער יאַם, ער הייבט זיך ביזן הימל אויף
און איבערבעטן גאָלדענע אַף אים זיך געבן אַ צעוויקל.

דו דוכסט זיך אים ניט אויס צו קליין, געוויס,
אינעם פאַרגלײַך מיט זײַן דורכויס פאַרפלייצנדיקער כוואַליע,
ווען בויגסט זיך אָן, אַנטבלויזנדיק די פיס,
ווען טרייסלסט אויס אַ שטיינדעלע פון אַן אַראָפּגעפאַלענער
סאַנדאַליע,

ווען ס'גיבן אין אומאָרדענונג אַ שווערן פאַל
מיט שוואַרצן גלאַנץ די האָר דײַנע די אויסגענעצטע
און דעקן אָפּ אַ שטיקל אַקסל און דעם האַלדז,
ווי אָנגעשליפענעם בורשטין אין שטראַלן לעצטע.

דו דוכסט זיך אים ניט אויס צו קליין אין דײַן געאײַל,
ער זעט, ווי הייבסט זיך אויף. ער זעט, ווי לאָזט זיך אַ פאַרנאַר טאָן,
ער זעט, ווי דרייסט זיך אויס צו אים נאָך אַף אַ ווײַל
מיט אַ פאַרטרוימטן בליק אַ ניטגעזעטיקטן פון וואַרטן.

און נעמט אַף זיך דעם גאַנצן זונפאַרגאַנג צו לעצט,
ס׳זאָל ליכטיק זײַן דעם רוים זיך איבעראַשן —
ווי מיט די הוילע פים צו די געטאָקטע שטיינדעלעך דו רעדסט
און ווי זיי ענטפערן דיר אָפּ, צעשיטנדיק זיך, ראַשיק...

מ׳דאַרף איצט אַ פײַערלעכקייט זײַן אין זײַן געפלאַם,
ער דאַרף אַ גרויסער זײַן אַצינד אַזאַ מין;
דאָך, קוקנדיק אַף דיר, כאַפּט ער באַם הימל זיך, דער יאַם,
ווי ס׳כאַפּט אַ קינד זיך באַ דער פאָלע פון דער מאַמען.

# אײַן און אויס

דער טאָג ווערט קלענער וואָס אַמאָל. דער הימל פאַלט.
די זון פאַרגייט און זי דערמאָנט, אַז ס'איז ניט פרי שוין;
איך גיין נאָך אַלץ אין דיר אַרום, ווי אין אַ וואַלד,
ווו — אײַן און אויס — פאַרפּלאָנטערט איז, פאַרקישעפט.

דערנעבן איז דײַן האַרץ. איך הער עס, ווי אַ קוואַל
פון זיך אַליין, נאָר כ'ווייס ניט ווי אַזוי צו אים גענענען;
איך גיין נאָך אַלץ אין דיר אַרום, ווי אין אַ וואַלד,
ווו איך בין קיינמאָל ניט געווען נאָך...

די שאָטנס גריסן זיך. עס גיט מיך יעדער אַ פאַרהאַלט
דעם וועג פאַרשטרײַכן זיי. דער וועג זאָל זיך ניט אָנזען;
איך גיי נאָך אַלץ אין דיר אַרום, ווי אין אַ וואַלד,
וואָס מער איך גיי, אַלץ מער איך בלאָנדזע...

פון יעדנס אויג אין האַרץ דיך איך האַלט
און זע ניט, ווי מיט זיך אַליין דעם וועג צו דיר פאַרשטעל איך,
איך גיי נאָך אַלץ אין דיר אַרום, ווי אין אַ וואַלד,
און יעדן אויגנבליק די טריט מײַנע כ'פאַרשנעלער.

דער טאָג פאַרגייט. דער טאָג איז אויס שוין באַלד...
איז וואָס, אַז אויס? איז וואָס, אַז נאַכט? איז וואָס, אַז כווישעך?
איך גיי נאָך אַלץ אין דיר אַרום, ווי אין אַ וואַלד,
און טרעט, ווי ס'ערשטע מאָל, אַ שטעגל צו דיר אויס זיך.

# דײַן טרער

ער מאַכט מיך שטיל, דײַן בליק. געשמידט אין זיך.
און גיט צו דר׳ערד דעם קאָפּ מײַנעם אַ בויג אָן,
ווען ס׳פּיבערט דורך אַ צוק אַף דײַן געזיכט,
ווען ס׳ציטערט אויף אַ טרער אין דײַנע אויגן.

מיט אָנגעקוואָלנקייט זי גלאַנצט, אַן אָנגעטריפטע פול,
אָט גיט זי זיך אַ פליוכנדיקן וויג אַריבער;
מײַן אָפּבילד זע איך ניט אין איר, איך זע מײַן שולד.
נאָר ניט זי מאָנט, אַליין אין זיך דערטרינקט זי דעם פאַריבל.

און ניט זי רײַסט פון דײַנע וויִעס זיך אַרויס,
פאַרצוקט זי בלײַבט אין דײַנע וויִעס צאַפּלען;
די וועלט אין איר ווערט נאָך אַמאָל אַזוי די גרויס
און ס׳גיבן זיך אין איר נאָר אַ פאַרגרעסער די שוואַרצאַפּלען...

.1948

# באַם טײַך

זיי זײַנען אויסגעבאָדענע אַרוים פון טײַך —
ווי פון געיעג — פאַרברוינטע, גלאַנציקע און יונגע.
און הילכיק, לאַכנדיק, אַ שפּרונג געטאָן באַגלײַך.
און אָפּטרייסלען דאָס וואַסער זיך געלאָזט אין די געשפּרונגען.

ווי אָפּגעלאָזט אַזוי מע וואָלט זיך אין אַ טאַנץ
מיט דעם באַגליקנדיקן גלעקלדיקן זומער;
באַ יעדן אַפן קאָפּ — פון וואַסער-גראָז אַ קראַנץ
און שמעקעדיקע זון שטייט צום פאַרברוין ניט צו מער.

אַליין האָבן די צעפּלעך זיך געגעבן אַ צעלאָז.
אַליין האָבן די קני אַ בויג געטאָן מיט שפּאָס זיך. —
אָט ליגט מען שוין צעוואַלגערט אַפן גראָז
מיט רוקנדלעך — אַרויף און מיט די פּיס אין וואַסער.

פיר קעפּלעך מיידלשע, פאַרצערטלטע פון טײַך
אַף יונגע אַקסעלעך אַף אַכט אַרויפגעזיצטע. —
זיי טראָגן יעדער ווײַלע אויף זיך אַזוי לײַכט,
לאָזן די פּיס זיך יעדער ווײַל אין טײַך אַ נעץ טאָן.

ווי צוגעהאַלטן וואָלטן זיי אַזוי אים מיט די פּיס,
אַז ניט אַוועק ער זאָל, זיי זאָלן האָבן אים דערנעבן. —
און אַלע ווײַל גיט אַ געלעכטער זיך אַ ריס.
און אַלע ווײַל אַ טרײַב די זון פון זיך זיי געבן.

— אײַער געלעכטער, מײדלעך, פרישער איז פון טײַך.
פון זײַנע כוואַליעס איז אַ פרײַער צו לאָזן זיך פאַרשלונגען:
איך קער מיט קײנעם זיך ניט אָן אַזוי אַ, ווי מיט אײַך,
פאַרבראַווינטע, לאַכנדיקע, גלאַנציקע און יונגע.

1948.

# אונטער אַ רעגן

.1

קיין ברעג אינערגעץ אַף אונדז וואַרט,
ס׳וואַרטן אינערגעץ ניט אַף אונדז קיין וועגן;
באַצווייט מיר שווימען דורך דער נאַכט
אונטער אַן אַנהייב־כעשוועגדיקן רעגן.

די גאַנצע נאַכט — אַף אונדז, מיר זאָלן גאָרניט זען,
און אונטער אונדז — דער טײַך, דער אָפּגרונט און די יוגנט;
נאָר אין די בליקן — אומפאַרמײַדלעכקייט און ברען
פון צוויי אַנטקעגן־גייענדיקע צונגן.

אין ווײַטקייטן די פינצטערניש דערמאָנט,
וואָס קיינער צווישן אונדז קאָן ניט קיין מעסט טאָן, —
נאָר דער געהילך פון הערצער הערט זיך אַזוי נאָנט,
דער טײַך וועט באַלד, ווי פון אַן אויפרײַס זיך צעפּליעסקען...

מ׳רירט פון דער הויך אונדז אָן אַ בײַטשל שײַן,
אַ שטערן איבער אונדז זיך קײַקלט, ווי אַ רייפל, —
ער וועט הײַנט אונדזערער, דער שטערן זײַן,
מיר וועלן מיט די בליקן ווי אַ מעווע אים פאַרשלייפן.

.2

מיר דאַכט, אַז ס׳איז נאָך גאָרנישט ניט געווען ביז הײַנט,
מיר דאַכט, זי הייבט אַצינד ערשט אָן, די וועלט זיך;

ווי שווערדן צוויי, געטונקענע אין שייַן,
זיך פעכטן אַף אַ שטרעקע ווייַט אונדזערע העלדזער.

אַ יעדער ווייַל בליצט אויף פון טייַך אַ האַנט,
אַ קאַפּ־טיכל אַ ווייַס און אַ פאַרברוינטער אַקסל;
אַזוי אַ דורך דער נאַכט מיר שווימען זאַלבאַנאַנד —
דורך כוואַליעס — אָפּגעטיילט, דורך כוואַליעס — אייַנגעוואַקסן...

לעוואַנע־שייַן, געוועבט פון שוים
זיך גליטשט, פאַרופנדיק צום קאַלטסטן כוישעך;
— וואַרט אויס. ערגעץ שטרעקט זיך צו אונדז אַ בוים,
איך זע אים ניט, — איך הער נאָר בלויז לויטן גערויש אים...

— צי אויס די הענט צו מיר, געשווינד.
ס׳וועט זייַן אַ טאַנץ אין כעשוועדיקן רעגן.
גענומען אונטערפירעכטס האָט דער ווינט
און ס׳איז דער בוים געגאַנגען אונדז אַנטקעגן...

.3

זייַ, בוים, באַגריסט מיט רעגנדיקער נאַכט,
מיט אומרו מענטשלעכן און ווינטיקן געהאַווע.
מיר וועלן אונטער דייַן צעצווייַגטן דאַך
זיך אָפּרוען אַצינד, ווי אָדאָם און ווי כאַווע.

מירן צו דייַנע בלעטער זיך ניט טאָן קיין ריר,
די אייגענע אַראָפּגעפּליקט. געקומען לייַכט אַהערצו;
אין האַרבסט אַ קלאַפּ געטאָן צום פרילינג אין דער טיר
און אויפגעשפּאַרט פאַר אים אַליין די הערצער.

האָסט ניט קיין פרוכט? איז ניט. מיר טראָגן פרוכט מיט זיך.
לאָז נאָר דורך בלעטער דורך אַ ביסל שייַן פון דער לעוואָנע.
עס וועט אונדז זייַן געגוג — די טראָפּנס רעגן פון געזיכט
אַראָפּלעקן פאַרשיקערט, ווי דעם זיסטן האָניק.

וואָס איז דען, אַז ס'איז האַרבסט? אַז בלעטער-פאַל, איז וואָס?
איז דען אַ בוים אַן אויסגעגעצטער ניט געגוגנד, —
איז ניט געגוגנד דען אַ רעגנדיקער גאַס
אַף מאַכנעם-אוירען זיין די בלאָנדזשענדיקע יוגנט?

.4

ס'איז דאָ גערוים, געגאַרטע, — גיי אַריין.
מיט צוגעמאַכטע אויגן זעט זיך ניט קיין שטער אָן;
איך ווייס ניט וויפל יאָרן ס'איז מיר היינט,
איך צייל זיי ניט, ווי כ'צייל אין הימל ניט די שטערן.

איך זע זיי בלויז און זיי — זיי וועלן שטענדיק זיין
נאָר אויך אַן אויגנבליק קאָן האָבן דעם באַטרעף פון שטענדיק;
אָ, שטענדיקע, געגאַרטע, — גיי אַריין,
ס'איז אוים מיט צייט, קיין אָנהייב און קיין ענדע.

צי ס'האָט אַ פּאַסיקל לעוואָנע זיך געלייגט אַף דיר,
צי ס'האָט זיך ליב אַ פּאַסיקל פון דיר אַדורכגעריסן, —
נאָר ס'איז מיר ליכטיק, און דאָס ליכט כ'באַריר
מיט ליפּן, מיט די הענט, ווי מיין געבענטשסטן ביסן.

אַ דאַנק דיר, נאַכט און בוים, און צווייגיקער פּאַרזויג,
אַלציינם — אַף וויפל וויל געשענקט מיר ביסטו.
די גלאַנציק-פייכטע בלעטער שושקען זיך אַזוי
און זיי באַרעדן מיך מיט אַזאַ זים געפּליסטער...

# קאַווקאַז

.1

אַ וועג — אַרויף, אַ וועג — אַראָפּ,
געוועלבן שטיינערנע, ווי אַרקעס;
פון דר'הויך דערקייַקלט זיך דער כראָפּ,
דער כראָפּ פון שלאָפנדיקער באַרג-קייט.

ער גיט אין האַרץ זיך אַ פאַרטריף,
די אָפּגרונט-טיף פאַר אים צעשפּאַרט איז
און איבער אָפּגרונטיקער טיף
זיך וויגן אָדלערשע מאַנסאַרדעס.

.2

— זאָל זייַן אַ דורכגייער דערלויבט
אַ ווייַל צו גאַסט אין אַ מאַנסאַרדע.
אַ טרונק — און אָפּווישן דעם שטויב, —
באַדאַרף אַ דורכגייער אַ סאַך דען?

איך ווייס: צו אָדלער-נעסטן — פרייַ
בלויז ווינטן זיך דערקלויבן קאָנען;
געפינען כ'וועל אין וועג אַ פרייַנט,
פון זיי וועט טמעץ מיך דערקאָנען.

.3

די קעפּ פאַריסן אַף אַרוף,
פאַר כמאַרעס אויסגעשטרעקט די אַקסל, —
וואַרטן די פעלדזן אַף אַ רוף —
איינס אין דעם צווייטן אײַנגעוואַקסן.

זיי כאַפּן איבער דרײַסט אַ בליץ,
זיי לאָזן זיך ניט קיין צערײַס טאָן ;
מיר דוכט : — אינדר׳הויך, אַף זייער שפּיץ
זיך פּאַשען דעמאָנעס און גײַסטער.

.4

אַזוי מיר דוכט. און — טאָמער ניט,
האָב איך מיט זיך אַהער געבראַכט זיי.
פון באָבע־מײַסעס אויסגעהיט,
אינעם זיקאָרן און אין האַרצן. —

איך רוף זיי אויף אַצינד אין קלאַנג.
וואָס דאַרף איך נאָך אין אַזאַ אָ טאָג ?
פאַרהאַלטן כ׳וועל זיך דאָ ניט לאַנג,
אַדורכגיין בלויז כ׳וועל ווי אַ שאָטן.

.5

דאָ דראָט אַ ריז — פאַרמאָסטן — גלײַך,
דאָ פון אַ באַרג זיך רײַסט אַ האָרן.
דאָ טראָגט זיך, שמײַסנדיק, אַ טײַך
צווישן געוואַלגער־שטיין פאַרלאָרן.

דאָ דריקט אַ פעלדז אַ צווייטן פעלדז,
דאָ אַפּן קאַרק זיי נעמט אַ דריטער ;
— ס׳איז גאָסטפרײַנטלעך, קאַווקאַז, דײַן שוועל
פאַר שטילקייט גלײַך, ווי פאַר געוויטער.

.6

דעם וועג באַגלייט אַ רויש — פאַרטײַט
אין שטיינער־שטײַג, ווי אַ פאַרשווערונג;
נאָר באַלד ווערט קלאָר: — אַ באַרגנטײַך
לאָזט וועגן זיך פון ווײַט צו הערן.

דערנאָך גיט ער אַ גלאַנץ מיט שוים,
עס דוכט — ער שפּרינגט פון באַרג דורך היילן;
און ווידער זעט מען אים ניט שוין,
מע הערט אים עפּעס נאָר דערציילן.

.7

„— מיט העק מיט גאָלדענע דאָרט שפּאַלט
די זון בײַ בערג די גרויע אײַז־קעפּ;
די אײַז־געשמידטע פעסטונג פאַלט
און דאָס געפאַלענע צערײַסט זיך."

— זאָל זײַן אַזוי. איך הער און — ניט.
כאָטש דער געוואָי פון טײַך זיך צאַפּלט;
און טראָגנדיק זיך, שלעפּט ער מיט
אין יאַם אַרײַן מיט זיך מײַן אָפּבילד.

.8

געבעט מיט שטיינער איז זײַן דנאָ,
דער שטראָם אים שאָבט, ווי גרינע ליסקע;
און איינער יאָגט דעם צווייטן נאָך
מיט אַ צעשוימיקטן געפּליסטער.

ווי צינש דעם יאַם — געשיקט פון בערג, —
אַף קעפּ זיי טראָגן שטיקער כמאַרע
און בײַטן פליסיק, אומבאַמערקט,
אַ יעדער ווײַל אין וועג די מאַרע.

.9

אַש ווערט זיי ענג שוין אױפֿן דנאָ,
אָט ווערט שוין אין איין פלוס־בעט שמאָל זיי;
זיי דאַרפֿן מער, זיי דאַרפֿן נאָך.
זיי ציילן זיך, ווי אױף אַ מאָלצײַט.

אָט שטייען צו אין וועג שוין נאָך,
מיט אײַז זיי לאָזן זיך אַ קוואַל טאָן;
אָט טראָגן זיי זיך שוין מיט בראָך
און מיט געברום און מיט געוואַלגער.

.10

ערגעץ צעפּרעסן זיי אַ באַרג,
אַ פעלדז זיי זעגן ערגעץ אונטער
און שפּרינגען אום צעשוימיקט־רונד,
ווי האַלבע רעגנבויגנס רונדע.

און מאָרדעװען דעם שטיין מיט האַסט,
און שלאָגן זיך פֿאַר װעלן פרײַ זײַן;
אָט — נאָך אַ וואַלגער, נאָך אַ פלאַסט,
און זיך אױף צווייען זיי צערײַסן.

.11

אָט פליסן צוויי שוין — אויף און אָפּ,
ווי אױף אַ שטיינעריקן לייטער;
עס דוכט, אַז איינער פליסט אַראָפּ
און צריק אינדר'הויך זיך רײַסט דער צווייטער.

און ביידע זיי פאַרשווינדן גלײַך,
און בלויז גערויש — פאַרטײַעט — שווערער;
ער לויפט ערגעץ, דער באַרגנטײַך,
און לאָזט פון זיך אױף ווײַט צו הערן.

.12

דאָ, אין דעם קעניגרײַך פון פראַכט,
אין שאָטן פון די פאַלמען-בלעטער,
דערמאָנט זיך מיר אַ זומער-נאַכט
אין מײַן וואָלינער טויטן שטעטל.

עס קוואַקען פרעש באַם טײַך — אַליין,
ס'איז די לעוואָנע אַזאַ גרויסע;
מיט בעט-געוואַנט גייט גרויס און קליין
פון שטוב זיך אויסבעטן אינדרויסן...

.13

צו אַלע קומט פון טײַך דער ווינט,
די בערד, די טשיפּיקעס אַ גלעט טאָן;
צעוויינט זיך ערגעץ-ווו אַ קינד,
איז כאַפּט זיך אויף דאָס גאַנצע שטעטל.

זיי שלאָפן, ווי דאָס גראָז באַם וועג,
ווי די וואָלינער ווײַסע ציגן;
און ס'גיט אַפּסנײַ דער טײַך אַ וועק,
זיך אַ צעוואַי און אַ פאַרציקל...

.14

— וואָס וויל דער וואַי פון טײַך? — איך הער.
שוין ווידער ענג איז מיט אַמאָל אים?
עס זײַנען מייסים אין די בערג
פון דר'היים געקומען מיר צו כאָלעם.

כ'זאָל טרויער אָפּריכטן נאָך זיי,
כ'זאָל ניט פאַרגעסן אונטערוועג זיי;
פון אונטן — גראָז, פון אויבן — שנײ
און פעלדז מיט וואַלד זיך צווישן — וועקסלען.

.15

אַ בינשטאָק אַף אַ גרינעם לאַן
גיט אומגעריכט דאָרט אַ באַווייַז זיך,
אַ הונדערטיערעדיקער מאַן,
גלייַך ווי אַ באַרגנהויך — אַ גרייַזער, —

ער גריסט מיט אַ פאַרנויג זיך רונד,
רייַסט די דערמאָנונגען מיר איבער:
— צי וויל דער דורכגייער אַ טרונק? —
ווייַזט אַף אַ קוואַל, דערנעבן, ליבער...

.16

ס'איז פרידן אין זייַן אַלטן בליק
און בראָכע — אין זייַן קלוגער מי איז;
די בינען פליִען הין און צריק,
פון בערג זיי ליפערן אים כּיִעם.

אַ יעדער גראָז — מיט זיסקייט קוועלט,
די זון אַף יעדער בלעטל ציטערט;
— ס'איז גאַסטפרייַנטלעך, קאַווקאַז, דייַן שוועל
פאַר שטילקייט גלייַך, ווי פאַר געוויטער.

.17

דערקוויקנד איז דער טרונק פון בערג,
מיט קראַפט פון זיי דאָס וואַסער זאַט איז;
זיי שטרעקן הויך די גרינע בערד
און שטייען פעסט אַף הוילע פּיאַטעס.

און ס'דוכט, אַז אָט דער אַלטער מאַן
איז ווירט ניט נאָר איבער די בינען,
נאָר אויך אַף בערג זיך שפרייט זייַן האַנט,
אויך זיי געהאָרכזאַם אים באַדינען.

.18

ער פּאַסט זיך דאָ אַזוי אַרײַן
צווישן די מעכטיקע געוויקסן;
פֿון די דערמאָנונגען ער מאַכט מיך פֿרײַ
און קערט מיר טײקעף אום צוריק זיי.

פֿאַרוווּנדערט קוק איך שטיל אױף אים,
ווי אױף דער אומבאַגרײַפֿטער שײנהײט;
עס איז מיר אָנגענעם זײַן שטים,
האָגאָם זײַן לאָשן איך פֿאַרשטײ ניט.

.19

אַ יעדער באַרג איז אים אַ הויז
און אַ געצעלט אים יעדער בוים איז;
אין זײַנע קנײטשן כ'לײען אויס
די האַרבקײט פֿון אַט די מעקוימעס.

קײן צוטריט ניט צו זײַן געזונט,
זײַן מאַכט איבער דער צײַט פֿאַרשפּרײט זיך;
ער שלאָגט זיך דאָ אי מיט דער זון,
אי מיט דער באַרגיקער פֿאַרפֿלײצונג.

.20

ער שלאָגט זיך קלוג. ער קומט זיי בײַ,
דערנאָכדעם ווערן זיי שוין פֿרײַנט אים;
און, ווי אַ רעגן ס'גייט פֿאַרבײַ,
און פֿונדאָסנײַ — אַן אויפֿגעשײַנטער.

ס'איז יעדער טײַך אים צו דער האַנט
און אים אַ זאַלב — איז יעדער קרײַטער;
זײַן בליק שנײַדט דורך זיך ביז צום ראַנד,
ווי באַ אַן אָדלער, שאַרף געלײַטערט.

.21

די האַנט הייבט אויף דער זאַקן שווער,
פונקט ווי אַ צווייַג אַן אויסגעקרומטער:
— דער דייַטש איז ניט דערגאַן אַהער, —
געפאַנגען קריכט ער שטיל אַרום דאָ.

ס'איז דרייַ מאָל פייַערלעך די הויך
און דרייַ מאָל מאַלכעסדיק די שטילקייט,
וואָס צוגעקראָכן אַפּן בויך
איז דייַטשלאַנדס גיר אַהער — פאַרטיליקט.

.22

אין אַ צעפּרעסן-שוואַרצער הייל,
דורך ווינט צעקראַצט, דורך זון צעטראַסקעט, —
פאַרטראָגן ליגט פון אַ זאַווי
אַ דייַטשע זשאַווערדיקע קאַסקע.

אַ יאַשטשערקע קריכט דורך אין איר,
אַ שלאַנג באַטראַכט פאַרטייַעט-שטיל זי;
אין איר געשווימיקט האָט דאָס ביר,
דאָס ביר פון רייַך, פון סאַמע פּילזן.

.23

ס'הערט פון אַ קראָ זיך קיין געשריי,
פון פליגל הערט זיך קיין געפּאָכע, —
זי ליגט פאַרזשאַווערט אין דער הייל,
ווו ס'איז גערמאַניעס רום פאַרקראָכן.

— נו, קאַסקע דייַטשישע, דערציייל,
ווי ביסט געגאַנגען האַר און ווירט זייַן, —
ס'וועט, ווייַזט אויס, סטייַען דיר די הייל
מיט די פּאַר קראָפּעווע-געווירצן.

.24

דערצייל דעם ווייכנדיקן ווינט,
ווי באַרג אַראָפּ זײַנען די פֿאַלקן
געפלויגן ראַשיק און געשווינד
מיט קוילנוואַרפערם און דוווקאַלקעס.

זי ליגט, די קאַסקע, אָן אַ קאָפּ,
זי ליגט, די קאַסקע, אָן דעם האַקן;
פון דר׳הויך דערקײַקלט זיך דער כראָפּ,
דער כראָפּ פון שלאָפנדיקער באַרג-קייט.

.25

ס׳קריכט אַ געפאַנגענער אַדורך,
ער האַלט אַ שוואַלב. ער שוימט און צאַפּלט:
— האָט ניט די וועלט באַ אים, פאַרפלוכט,
ווי אָט דאָס פייגעלע געצאַפּלט?

האָט ער שוין פאַרן גאָרגל דען,
ווי אָט די שוואַלב, זי ניט געהאַלטן?
אונטער דעם היטל ניט אַ ברעג
זײַן ברודיקע, זײַן געלע פאַטלע.

.26

ער קריכט מיט לאַסט געלאָדן שווער
אין אַ געניייוועשער פאַטשיילע:
— צי דען ניט אים האָבן די בערג
באַדאַרפט געהערן מיט די היילן?

די שוואַלב ער גיט מיט קריץ אַ וואַרג
און פרוווט אַ ווײַלע בלײַבן שטיין נאָך:
— צי דען איז אים אונטערן באַרג
געווען פאַרזאָגט צו טראָגן שטיינער?

.27

באַלייגט מיט לאַסט ער קריכט פאַרביַי,
פון לאַסט אַף פּלייצע, אַ פאַראַכטער:
— איז וואָס־זשע האָט ער פאַר אַ ביַיט
אַף פילזן־ביר זיַינעם געמאַכט דאָ?

עס טרעט פון אים די שאַנד ניט אָפּ:
— אַף לאַנג ביסט אין די בערג אַ גאַסט דאָ?
— גיב, דיַיטש, אין הייל אַ קוק אַראָפּ. —
גיט אים פון הייל אַ רוף אַ קאַסקע...

.28

ס'איז דריַי מאָל יאַנטעוו אין די בערג
און אין די אָפּגרונטיקע שיסן,
וואָס ס'האָט די רוימען ניט פאַרשוועכט
דער אָפּהילך פון די דיַיטשע שטיוול.

כ'וועל מיט קיין גרעסער גליק און פרייד
און דאַנק דעם גורל ניט דערמאָנען,
וואָס אין מיַין לאַנד — צעקלאַפּטערהייד,
אין געלן זשאַווער פוילט גערמאַניע.

.29

פון וויַיט דערקיַיקלט זיך אַהער
אַ רויטאַרמייִ'ש ליד — געמאָסטן;
כ'דערהער דעם אָפּהילך אין די בערג
פון סטאַלינגראַד, פון אונטער מאָסקווע.

מיט בראָכע האַלט אים יעדער לאַן,
און יעדער טיַיך, און יעדער בינשטאָק,
דער הונדערטיערעדיקער מאַן —
און רו די דורכגייער זייַ ווינטשן.

.30

— איז דען קיין בינשטאָק ניט געווען
מײַן יעדער שטוב, מײַן יעדער שטעטל, —
די קרומע דעכעלעך און ווענט,
די שטילע געסלעך, די געפּלעטע ?

איז דען אין יעדער, ווי אַ בין —
מיט בערג פון טרויער אין די אויגן, —
כאָטש נאָך אַ טראָפּעלע באַגין
טאָג־אײַן, טאָג־אויס אַרומגעפלויגן ?

.31

האָט דער שטורעם ניט אַף זיי
דעם צאָרן זײַנעם אויסגעגאָסן
און זיי פאַרשניטן און צעזייט,
און זיי צעבראָכן, און פאַריאָסעמט ?

האָט דען געמיטן זיי די שלאַכט
מיט אומגליקן מיקאָל האָמינים ?
איז ניט געווען דען נײַן מאָל נאַכט
אַף איין געדאַכטענעם באַגינען ?

.32

מײַן אויסגעקוילעטע וואָלין,
מײַן אויסגעשאָכטענע פּאָדאָליע, —
עס זײַנען דאָך די וועלדער גרין
און ברויטן וואַקסן דאָך אין טאָלן.

מײַנע געקעפּטע טויזנט יאָר
פון בעסאַראַביע און פּוילן, —
ס'גייט אויף אַף בערג נאָך דער קאַיאָר,
אַף בערג ז'דער הימל נאָך אַ הוילער.

.33

מײַן אויסגעקוילעטע װאָלין,
פֿאַרװיגט פֿון אומגליק, װי פֿון האָפֿן, —
האָסט ניט קײן בערג, כּוץ אַ באַגין
אַף שטעלן זיך, װי ליכט צוקאָפּנס...

און דאָ איז שטיל, און דאָ איז העל,
די באַרג־שפּיצן מיט שנײען צװײטען;
— ס'איז גאַסטפֿרײַנטלעך, קאַװקאַז, דײַן שװעל
פֿאַר שמילקײט גלײַך, װי פֿאַר געװיטער.

.34

צו דײַנע שלאָפֿנדיקע קעפּ,
װאָס מיט דעם מילכװעג זיך באַרירן, —
מיר רופֿן שטײנעריקע טרעפּ —
זיך אױפֿהײבן און זיך פֿאַרלירן...

און אויב כ'װעל אויף, — איז װאָס דערנאָך?
אויב כ'װעל דעם באַרגנשפּיץ דערגרײכן,
װעט עמעץ דען דערזען מײַן בראָך
אַ כּוץ די אָװלדיקע הײכן?

.35

צופּיסנס, דאָ, באַ דײַנע בערג,
אין זײער שטײנערדיקן גליװער, —
פֿאַרטראָגן דורך דעם בראָך אַהער,
װעל איך אַף דר'ערד זיך זעצן שיװע.

נאָך טויזנט װײטאָקדיקע יאָר —
פֿאַרשניטענע און אָפּגעמעקטע,
ביז אויפֿװאַכן װעט דער קאַיאָר,
ביז דער באַגין װעט מיך אַ װעק טאָן...

.36

אָבער אויך דאַן, ווען דער גערויש
פון דײַנע שטראָמיקע געדרויבן
דעם ווײי און צאָרנדיקן ברויז
באַ מיר אין האַרצן ניט פאַרטויבן.

און ניט דײַן פראַכט, און ניט דײַן קאַיאָר
וועט ניט פאַרשלעפּערן מיט רו מיך,
ווען רופן כ׳וועל די טויזנט יאָר
צו כאַלעם זאָלן זײ מיר קומען...

# די מוזע

איך געדענק ניט, וואָס שפּעטער, וואָס פריִער,
אַף אַ כוואַליע אין כאַלעף פאַרשווינד איך. —
נאָר די מאַמע, — זי שטייט נעבן מיר.
ווי אַמאָל. ווי באַנאַכט. אין דער קינדהייט.

ווען זי האָט ניט געוווּסט צי איך שלאָף.
ווען זי האָט ניט געהערט, צי איך אָטעם —
און איז באָרוועס אַראָפּ און — אַ לאָף,
און פון שרעק ניט געוווּסט — ווי אַ טראָט טאָן.

אַף דער כוואַליע — איר בלאַסלעכע האַנט
מיט אַ צערטלעכן ריר מיט אַ מילדן;
אָ, איך האָב איר ניגן דערמאָנט,
וואָס מיט אים זי פאַרוויגט האָט די קינדער.

אַז איך קאָן ניט דעריאָגן איר קאָל,
אַז אַראָפּגעלאָזט ערגעץ איר בליק איז;
נאָר זי וויגט מיך און זינגט ווי אַמאָל
און איך — איך גיי אויס פון מעסיקעס.

ס'יאָגן ווינטן זיך אָן, אָן אַ שיר.
זיי באַפאַלן דאָס ליד, דאָס באַגינטע;
נאָר די מאַמע... זי שטייט נעבן מיר.
ווי אַמאָל, ווי באַנאַכט אין דער קינדהייט...

.1948

# באַהעפטונג

ניט שווער דעם צווײַגעלע איז שטיל זיך אָנבויגן
און מאַכנים-אוירעך זײַן דעם סאָלאָוויי ;
און זיך פאַרשיקערן מיט זײַנע האָניקן,
און ניט דערמאָנען זיך, אַז ס׳טוט דעם וויי.

עס דוכט : — אָן אייגענע — עס קער דעם ליד זיך אָן.
דער בוים זינגט אויך זיך אוים פון סאָלאָוויי...
געבוירן ווערט עפשער דאָס ליד דאָס בליציקע,
ווײַל ס׳ריזלען זאַפטן שוין אין דעם פון צוויי...

קיין לאַסט דעם צווײַגל איז דער נויג דער קורצינקער.
ווי פון באַפרוכפערונג — דער זיסער וויי ;
— וואָס בלײַבט דעם צווײַגל דען, ווען ס׳רײַסט די
פרוכט זיך אָפּ,
ווען ס׳פליט אַוועק צוריק דער סאָלאָוויי ?

.1948

# האַרבסט

די געלע פּליאַמעס טוען שוין ניט ווי דעם גראָז.
די בלעטער שאַרכען שוין ניט מער. צונויפגעדרייט, — זיי שלאָפן.
און פונעם שלאָף גיט איינע זיך איבערן וועג אַ לאָז,
פּונקט ווי אַ גאָלדן מײַזעלע, וואָס האָט איר נאָרע ניט געטראָפן.

דער מאַרק איז ניט באַוואַכט. ס׳קאָן ווער סע וויל אַרײַן:
דער ווינט. די קעלט. דער שמײַסנדיקער רעגן
און — קיינער ניט. דער אומעט בלויז אַליין זאָל זײַן,
נאָר ס׳פּליסטערט דורך אַ זשום, פאַרגייט זיך אונטערוועגנס.

אַ בין זיך אײַלט צופוס איבער דעם ניט פאַרקעמטן זאַמד.
איר בויך געשמידט אין שווערע גין-גאָלדענע רייפן:
די ערד זי אַקערט גייענדיק, אינערגעץ ניט געזאַמט. —
זי גיט אַ שטעל זיך אָפּן קאָפּ און — גלײַך, ווי פון אַ סרייפע.

אָט גיט זי נאָך די פליגעלעך אַ הייב — צעקרומט.
ווי אונטער אַ צעבראָכן זאָנטיקל די וועלט זי שלעפּט אָף
זיך די טריבע
און קערט זיך איבער. פאַלט מיט אַזאַ דינעם גוסעסדיקן זשום:
— די שטילקייט קלײַבט זיך שוין אין פאַרק אָף האַרבסט אַריבער...

.1948

# ט ו י ע ן

•

אַף צוויַיגלעך נאַקעטע, באַנומענע פון ווינט,
שפּראָצן זיך אומזיכטיק פאַנאַנדער טויען אין באַגינען.
ווי אוירינגלעך פון שיַין און פלאַם געשפּינט —
אַראָפּגעלאָזטע פון דער זון אַף פעדימלעך אַף דינע.

עס ווערט דער בריליאַנטן-שלייפער — דער קאַיאָר
גיט מיד אַף צוויַיג-געוועב זיי איַינוועבן און טילען;
און ס'איז דער הימל יונג, און ס'איז דער הימל קלאָר.
און ס'איז די ערד אַ גאָלדענע, אַ גוטע און אַ שטילע.

דאָ זעט אָ קומט — באַפּוצט מיט טויען אוים.
ווי פונעם הימל אַן אַראָפּגעלאָזטע בלענדנדיקע ליוסטרע
מיט לעמפּעלעך אַ יאַם פון קליין און גרוים.
וואָס כאַפּן יעדן שטראַל — פאַרגאַפּט און לוסטיק.

דאָרט פלעגט אַ צווייטער, ווי אַ וואַזע פון קרישטאָל,
אַן אָנגעגאָסענע ביז צו די סאַמע ראַנדן
מיט בלויע פּראָסטן פלעמלעך אָן אַ צאָל,
באַזעצט אַרום מיט אָנגעברעקלטע בריליאַנטן.

עס דוכט: — אַ ריר פון וויַיט זיי מיטן אָטעם בלויז,
וועט אַ קרישטאָל-געזאַנג צעגיין זיך אַזאַ דינער, —
און דאָרט, ווו בלעטלעך האָבן ווינטלדיק גערוישט
שפּילן בריליאַנטן איצט — געשלייפטע פון באַגינען.

.1948

# אַ האַלבע וועלט אין שאָטן

אַף וואָלקנס פּרווּט צוערשט די זון איר גאָלד.
צי גיט עס דורכדרינגלעך און פּעסט אַף זיי אַ נעם זיך.
און ווען זיי זײַנען ווי געהעריק שוין באַמאָלט
און זעען אוים, ווי ראָזע פּעל פון יונגע געמזעם.

דאַן גייט זי איבער צו די בערג, וואָס וואַרטן נאָך פון פריִער.
וואָס זיצן, ווי די הויכע אויפגעיווירטע כאַלעם;
זי גיט, ווי מיט אַ געלכל אַלע זיי אַ לײַכטן שמיד
און לאָזט זיך נידערן — ווו נאָר אַ שטיבל און אַ שטאַל איז.

ס'איז שוין ניט פרי. עס הערט זיך שוין דער קלונג פון שמיד.
די קאָנטורן פון בערג זײַנען מיט וואָלקנס שוין געזאָטלט;
די זון פאַרכאַפּט שוין פײַערלעך די מיט,
נאָר ס'ליגט נאָך אַלץ אַ האַלבע וועלט אין שאָטן...

.1948

# אַ פרוי מיט אַ קינד

אַ פרוי אינדערפרי אין די בערג מיט אַ קינד.
זי טראָגט אַף די הענט עס, אַט ווי אַ מאַדאָנע;
— אַ דאַנק דיר, פאַרנעבלטער, שטילער באַגין,
די מענטשלעכע פראַכט אויך באַהאַלטסט פאַר מיר דאָ ניט:

אַ פרוי אינדערפרי אין די בערג מיט אַ קינד,
אַ ווערבע טוט שטיל זיי אין וועג אַ פאַרהאַלט:
דער פאַס צווישן בערג און דעם הימל נאָך גרינט.
אַן אויגנבליק נאָך — און כ׳דערמאָן זיך אין גאַליל...

אַ פרוי אינדערפרי אין די בערג מיט אַ קינד,
דער קאָפּ אין דער זייַט צו די אַקסל די שמאָלע:
אַ שאַלעכל פלאַטערט, פאַרקישעפט פון ווינט, —
מע זעט ניט קיין אייזל, מע זעט ניט קיין זשאָלעב...

אַ פרוי אינדערפרי אין די בערג מיט אַ קינד.
די שייַן איבער זיי, ווי פון רעגן און בויגן;
זי גייט ניט, זי שוועבט. אין דער שייַן זי פאַרשווינדט,
ס׳איז גוט, וואָס קיין טרער מאַכט ניט שווער אירע אויגן.

זי גייט אַזוי זינגענדיק־שנעל, ווי אַן אינד.
אַ לייַכטע אַזאַ מין, אַ צאַרטע אַזאַ מין...
נײן, ניט קיין מאַדאָנע זיך טראָגט מיטן קינד.
— אַ יונגע קאָזאַטשקע, אַ פּאָשעטע מאַמע;

איר מאַן איז אַ קאָזאַק און עפּשער — אַ ייִד.
און, מעגלעך — אַ פּויער. און, מעגלעך — אַ טשאַליער;
כ'באַגלייט זי אין טאָג און איך בענטש אירע טריט:
— ווי גוט, וואָס די וועלט האָט שוין אָפּגעהאַט גאַליל...

.1948

# ווידערקאָל

דאָ זײַנען זומערס מײַנע דורכגעגאַן אַמאָל,
ווי אין וואָלקנס גייען דורך פאַרשווינדנדיקע בושלען ;
מיר דוכט : — איך הער דאָ זייער קאָל —
צי אינעם ווינט, צי אינעם כוואַליעדיקן צושלאָג.

— אַ פײַף געבן צו זיי פאַרשײַט, ווי יונגערהייט ?
— אָט פליט מיט פליעסק צו זיי אַ הילכיקער אאו־ו שוין.
פאַרשוווּנדענע. אויך אָט אָ דער אָ זומער איז אין ריי
שוין גרייט צום אָפּפלי, ווי אַ בושל...

צי פונעם רוישנדיקן יאַם, צי פון די שווײַגנדיקע בערג,
צי אָף דעם פליעסקענדיקן קלאַנג פון מײַנע דלאָניעס, —
אַ ווידערקאָל אַ זיבנפאַכיקס זיך דערהערט,
ס'איז מײַנס. ס'איז ניט פאַרלוירן. איך דערקאָן עס.

דערקאָנען וועט עס יעדערער. סע מערט זיך אָן אַ צאָל.
ווי וואַסערקרײַזן פון אַ שטיין פון ווינט און צושלאָג ;
דאָ זײַנען מײַנע זומערס שוין אַדורכגעגאַן אַמאָל,
ווי אין די וואָלקנס גייען דורב פאַרשווינדנדיקע בושלען...

.1948

# אָוונט־שפּאַציר

אױפֿן פֿאַרנאַכטיקן שפּאַציר, אין טומל פֿון דער גאַס,
פֿאַרפֿליט צו מיר אַ שמעטערל, פֿאַלט צו צום האַרצן;
— פֿונוואַנען אַזאַ ליבער, אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט?
— וואָס אַזוי שפּעט? עס פֿאַלט דאָך שוין די נאַכט צו...

אַ טונקלקייט צעשפּרייט דאָך שוין דער ראַנד
און שטערן צינדן איינס באַם צווייטן זיך און פֿאַלן;
נאָר מיט מײַן אָנגעלייגטן גאַסט — באַנאַנד
שפּאַצירן לאָז איך זיך אין גאַס, ווי מיט אַ קאַלע.

אָט מאַכט פֿאַר אונדז אַ ווײַווע דער טראַמוויי,
אָט לאָזט אונדז דער טראָליבוס — פֿײַערווערק אַ רעגן;
— ווּהין באַפֿעלסטו מיר, מײַן גאַסט, אַף אָט דער ווײַל?
— ווילסט עפּשער אָפּרוען, מײַן גאַסט, אַ רעגע?

ווי אין קישעף דוּיערט דער שפּאַציר,
נאָר פֿונעם קישעף זיך ניט לאָזנדיק פֿאַרוויגן, —
גיט מיט אַ דינעם זשום, ווי דורך פֿאַפּראָס־פּאַפּיר
מײַן גאַסט — צום אָפּפֿלי אַ צעלאָז די פֿליגל

און ווײַזט מיר דורכזיכטיק מיט זיי: — צום ראַנד,
ווּ ס'טריפֿן הימלען — גאָלדענע און העלע,
שוין אַלע זינג־פֿייגל דעם זומערס דאָרט פֿאַראַן,
נאָר דו אַליין פֿעלסט אוים אין דער קאַפּעלע.

.1948

# די קאַפּעליע

אַפילע ניט קיין ווונק, — אַזוי, אַפן געהער —
ווי אָפּגערעדט פאַרפריר, אַזוי לויט די באַרופן, —
הייבט אָן אַ קוועלכל, אַ פאַרלוירנס אין די בערג
מיט אַזאַ ווייטן גלעקלדיקן אופוואַך.

— ווער גייט דער צווייטער — קלינגענדיק און דין,
דער קלאַנג פון גאָלד זאָל אין דעם רויש ניט פעלן?
ס'גיט אַפן קוועלכל, ווי אַ משוב אַ פלאַטער, דער באַגין
און ראַשיק קוועלט אַרײַן די גאַנצענע קאַפּעליע —

איניינעם. מיט אַמאָל. גלײַך ווי אַ רעגנדיקער גאָס
פון קלאַנג און קריץ. פון סקריפּ און פון געפּײַקל;
אָט גיט זיך אַף די בעז דער איישעריק אַ לאָז
און ס'גיבן פּײַפּערם אַף די פלייטעם זיך אַ קײַקל —

צוערשט — נאָך אומזיכער. די גאַרגלען נאָר אַ פּרווו,
ווי עפּעס ניט מיט אַלץ אין די קליי־זעמער גלאַט איז;
נאָר שמידערם טוען שוין מיט פלײַס זייער באַרוף
און ס'צימבלען שוין פאַרגאַפט אַף צימבלען די ציקאַדעס.

זיי שטײַגן איבער יעדן קלאַנג און זשום,
זיי רײַסן אײַן די וועלט — פאַרטויבן יעדן שאָכן;
עס גיט אַ דריי אַ בין זיך אַף דער בלום,
זי הייבט דאָס בײַכל אויף, מיט פליגעלעך אַ פאָכע,

מע זאָל זי ניט מעוואַלאָוול זײַן בעשאַם דעם נעם,
זי קאָן מיט איר געבלעבל נאָך דעם ראַש ניט נאָכגיין ;
און ערגעץ צאַפּלט שוין אַ פליגעלע באַם שפּין אין קלעם
און שפּיצן ביימער זינגען צו מיט פּאָרכט, ווי אַף אַן אָרגל.

און דער „באַל־טפילע" — אין אַ זײַט. פאַרפּוצט אין
גרינעם פראַק,
די פּאָדער־פּיס — אין בראָך, ווי זײַן ער וואָלט זיך
דאָרט מיסוואַדע, —
ניט אומבאַמערקט מיט זיי בעלאָכאָש אַ פּאַרהאַק,
זעגט אָפּ מיט זיי דעם קאָפּ באַ אַ צעזונגענער ציקאַדע.

נאָר ס'ריַיסט ניט איבער זיך די פרייד פון זײַן,
קיין איינער פון די טויזנט קלאַנגען טאָר ניט פעלן, —
און פּאָרגעזעצט עס ווערט ס'פרימאָרגיקע געזאַנג
פון דער פּאַרגאַפּטער גאָלדענער קאַפּעלע.

# זאָרג

גענוג, אַז ס׳זאָל אַ שטראַל אַ קיצל טאָן אַ קווייט,
אַז אָנכאַפּן דער ווינט אַ קוסט זאָל פאַר דער פּאַטלע, —
פאַרשטעקט דער שמיד־וואָרעם די פליגל, ווי אַ פאַרטעך, — גרייט.
און ס׳ווייסט איין גאָט, ווי ער באַשטעלט זיך אַ קאָוואַדלע.

די האַרטע וואָנצעם זײַנע רודערן זיך בייז,
מיט גרינעם אומגעדולד זיי פלאָנטען אין די פּיס זיך ;
— אַ שאָד די צײַט, און שמידן דאַרף מען ווען ס׳איז הייס, —
לאָזט ער די קריכנדיקע מורעשקעס צו וויסן.

ס׳איז אַ געפלי, אַ שפּרונגערײַ און אַ געפּאַר
פון גראָז צו גראָז, פון קווייטעלע צו קייטל ;
איינעם — אַדורכגעלאָזט, דעם צווייטן יאָגט ער נאָך :
— דאַרף עפּשער עמעץ וואָס פאַרקאָוועז, צי פאַרלייטן ?

אַליין זיך שמעלצט זײַן רופנדיקער האַמער אײַן
אין טויזנט־גלעקלדיקע פליִענדיקע זאָרגן —
און עס פאַרגעסט דער שמיד־וואָרעם זײַן שמידערײַ
ביז צו דעם זון־אויפגאַנג פון קומענדן פרימאָרגן.

# זעלבסטפאַרגעסונג

איז ווי־זשע זאָל דער מענטש ניט אָפּגעבן זײַן גאָב,
ווי יעטווידער באַל־כײַ מיט כעדווע גיט זיך אָפּ. —
ווען ס'פאַלט די זון צום יאַם, ווי ס'פאַלט צום דראָש אַ זאַנג, —
איז ווי־זשע זאָל דער מענטש ניט אָפּגיין מיט געזאַנג,
אַז ס'ווערט אַ נאַכט די גריל פון דרעליעווען ניט מיד,
און ס'הערט אַ טאָג ניט אויף צו האַמערן דער שמיד,
און די ציקאַדע צימבלט, שיר ניט וואָס זי פּלאַצט
און ווינט מיט בלאַט אָן בלאַט, גלײַך ווי מיט טאַץ און טאַץ,
און גראָזן גרײַזלען אוים זיך הילכיק, אַף אַ קאָל,
און יעדע שפּילט אַף זיך, ווי אַף אַ פּײַפּיאָל,
ווי אָנגיסן באַדאַרפט אַ יעדער איינער וואָלט
און ווער פון דער קאַפּעלע — פון די פּיס שוין פאַלט,
און עמעצער פון איר — שוין ווייסט ניט ווו ער האַלט, —
און כאָטש קיין קוקו איז אינערגעץ דאָ ניטאָ,
איז דאַכט זיך, אַז זי קוקעט אויך אַ גאַנצן טאָג,
און כאָטש ס'איז ניט פאַראַנען דאָ קיין נאַכטיגאַל,
פאַרגייט מיט טרעלן זיך דער באַרגנקוואַל, —
און יעדערער פאַרלויפט, און יעדערער זיך פלײַסט,
און איבערשטײַגן איינס דעם אַנדערן זיך רײַסט,
ווי אָנגיסן באַדאַרפט אַ יעדער איינער וואָלט
די גאַנצע וועלט מיט קלאַנג, די גאַנצע וועלט מיט גאָלד,
און אָט איז זי שוין פול, ס'גייט איבער שוין דער ראַנד,
און ס'גיסט זיך אָן אַ צאָל, און נאָך, ווידעראַנאַנד,

דער דרעמלדיקער יאַם אַן אײַנגעװיגטער ליגט
ער קרעכצט, דאַכט זיך, פֿון שלאָף און ס׳כאָלעמט זיך אים גליק
פֿון יעדער אומפֿאַרשטענדלעכער און װעקנדיקער שטים,
װאָס טיפֿער איז פֿון אים, פֿאַרפּלײצנדער פֿון אים, —
איז װי־זשע זאָל דער מענטש ניט אָפּגעבן זײַן גאָב,
װי יעטװידער באַל־כײַ מיט כעדװוע גיט זיך אָפּ?

# פּ י ג אַ ר אָ

מיט אַמאָל שטעלט די גאַנצע קאַפּעלע זיך אָפּ,
ס׳גיט זיך בויגיק די ראַדיאָ אַף די כוואַליעס אַ וויג אַרײַן, —
זיך אַ ציקל אינדר׳הויך און אַ קײַקל אַראָפּ
און מיט טרויער און לוסט — רעגנבויגנדיק: — פּיגאַראָ.

אַף די ביימער — אַ שפּיל, צווישן בלעטער — אַ שאָרך
און אַ טריפּ ער טריפּ דערלאַנגט אין די טראָפּעלעך טוי אַרײַן;
ס׳הערן בלומען אַף שטענגעלעך, ווי אין פאַרשפּראָך
און פאַר אים זיי צעעפּענען טירן און טויערן.

אַז אַ זילבערנער באַרגקוואַל פון אים שלאָגט אַרויס,
אַזוי זים קאָן קיין איין סאָלאָוויי ניט פאַרגיסן זיך;
אַפן באַרג בייגט זיך אָן אַ פאַרצויבערטע רויז
און זי פּאַטשט מיט די בלעטעלעך — בראַוואָ, בראַווּיסימאָ.

אַז מע זעט אים אינערגעץ ניט, דעם סאָלאָוויי,
אַז מע זעט ניט אינערגעץ קיין פּאָך טאָן מיט די פליגל אים, —
נאָר די טרעלן — אין בלענד פון לעוואָנע און שניי
קלינגען גלעקלדיק: — פּיגאַראָ, פּיגאַראָ, פּיגאַראָ.

אָט גיט ער אַ לאַך און אָט גיט ער אַ וויין
און אָט וואַלגערןביידע באַגלײַך זיך צופיסן אים, —
און עס פלעסקען די גאַנצע קאַפּעלע אַליין:
די שמעטערלעך — בראַוואָ, די פייגל — בראַווּיסימאָ.

ס'ווערן העכער די בערג און נאָך טיפער דער יאַם
פון דער מענטשלעכער שטים, פון דעם מענטשלעכן שטאַם, —
זי איז דאָ. זי איז דאָרט. אומעטום — אַ באַזינגערן.
— בראַוואָ, בראַווּיסימאָ. — פיגאַראָ, פיגאַראָ.



# סאָלאָ

ווען ס׳גייען אוים שוין אַלע קלאַנגען שטיל,
ווען ס׳דרעמלט אײַן די גאַנצע נאַכטישע קאַפּעלע, —
הערט זיך נאָך אַלץ די הייזעריק־פאַרזאָרגטע גריל
און ס׳ווערט איר פּיפּס געשליפענער און העלער.

זי ווייסט ניט קיין האַפּסאָקע צווישן טאָג און נאַכט,
מיט דינסטע שײַדן־שאָרכן וועקט זי די כאַלוימעס —
אַליין זי פירט זיי אום — צו אָרעם און צו פראַכט
און וואַרט, אָן אונטערשייד. די צײַט — קיין צוים איז...

זי זינגט, ווען ס׳איז דער כאַלעם לײַכט און זים,
דאָס געמלעכע, ווען ס׳איז דער כאַלעם שווער און ביטער, —
און מיט איר דינעם זײַדן־שאָרכיקן געפּלים
באַגלייט זי די כאַלוימעס צוריק, ווי אַ געטרײַער היטער.

זי ווייסט ניט קיין האַפּסאָקע צווישן נאַכט, און טאָג,
אונטער איר צויבער־מי גיבן זיך סוידעס אַ פאַרהאַלע;
געדאַכטס און ניט געדאַכטס גיט, ווי אַף פליגל אַ פאַרטראָג
און איבער גאָר דער שטילקייט זינגט זי — סאָלאָ.

פון ניט געשטויגן, ניט געפלויגן — דעם באַטײַט,
אַ ווײַלע — שלאַבערדיק, אַ ווײַלע — שטײַפער;
עס האַלט אַ באַרגנקוואַל זי אונטער פון דער ווײַט,
עפּעס אַ קעלעכל, פאַרבלאַנדזשעט פון אַ פײַפער, —

זיי רײַסן זיך צום הימל פון דער ערד
מיט אויסגעשטרעקטע זינגענדיקע העלדזער, —
נאָר בלויז — איר פּיפּס זיך אין דער שטילקייט הערט,
עס דוכט — אַ שלאָפנדיקע, — הערט די גאַנצע וועלט זי...

# די פלעדערמויז

ס'איז שוין ניט נאַכט, ס'איז נאָך ניט טאָג
דער סאָף און אָנהייב זיך פאַרמישן;
אַ פלעדערמויז גיט זיך אַ טראָג
אין דעם ניט־אָנזעעוודיקן צווישן.

זי גיט זיך אַזאַ גליטש אַדורך,
ווי אַ שטיק פליִענדיקער שאָטן
פון דעם, וואָס עפּשער בלויז זיך דוכט
און, עפּשער, אומעטום — צעשאָטן...

זי איַילט אַהיים. איר איז שוין ציַיט.
נאָר ס'גיט אַן אָפּשיַין אַ פאַרבלענד זי
פון דער באַגינענדיקער וויַיס,
וואָס שמעלצט זיך ערגעץ אַף אַ פענצטער.

און אין איר וואָכעדיקער שאַל —
איבערן קאָפּ אַרויפגעהויבן,
גיט זי אַ פלי, גיט זי אַ פאַל
אַף דעם באַגינענדיקן צויבער: —

אָט דאָ נאָר וואָס געווען איז ליכט,
נאָר עפּעס זעט מען עס שוין דאָ ניט;
און אַף אַ וויַילע זי פאַרלירט
דעם סאָף פון נאַכט, פון טאָג דעם אָנהייב.

אַ הוידע — גלײַך, אַ הוידע — קרום.
דער אָפּשײַן שטאַרבט. ער איז ניט הי שוין.
און ס'קערט די פּלעדערמויז זיך אום
דורך דעם ניט־אָנזעעוודיקן צווישן...

.1947

# דער רעגנבויגן

דער רעגן איז געגאַן. אים האָט דער רעגן ניט געשטערט.
די בערג פאַרטשעפּעט מיט איין עק האָט פאַר די קעפּ ער,
מיט צווייטן, ווי אַ קראָמיסלע פאַרכאַפּט דעם יאַם האָט ער
און אויסגעשטריקט אַף אים אַ גין־גאָלדענעם טעפּיך.

אַ כלויף פון בלוט אַ שוימיקער — געדאַכט
האָט אַף דער צאַפּלדיקער פלאַך געשפּריצט פון ביידע זײַטן;
געריטן האָט דער רעגנבויגן פײַערלעך און האַרט
איבער די וואָלקנס, ווי אַ ברענענדיקער רײַטער.

דער רעגן איז געגאַן. דער רעגן האָט געהעלט —
אַליין אַ דורכגעשטאָכענער מיט ליכט — קאַיאָריק;
און אונטער אים האָט זיך דער רעגנבויגן, טײַענדיק, פאַרשטעלט,
ווי הינטער אַזאַ ראָזן, פאַלנדיקן פאָרהאַנג.

.1948

# גוט־מאָרגן

די שוואַרצע אויגן און דאָס ווײַסע שנירל ציין, —
עס טראָגט דער יאַם זיי, ווי אַ טפּילע פון קאַיאַר דאָ;
מער זעט מען גאָרניט אַפן יאַם. בלויז — זי אַליין,
זי וואַרט מיך אָפּ אין יאַם מיט איר גוט־מאָרגן.

מיר דוכט — אַ ווונק זי גיט מיר מיט די ציין,
ווי מיט אַ מעסרדיקער שאַרף — איך זאָל איר נאָכגיין;
— פּאַטשט ניט אַ מעווע איבער אונדז? אַ טאָעס. ניין.
עס קלאַפּט דאָס האַרץ פון יאַם מיט איר גוט־מאָרגן.

צווישן די שטיינדלעך אַפן ברעג פלאַפּלט איר קלייד,
עס גייט אַ ווינטעלע צום ברעג מיט זײַנע זאָרגן;
— אָט איז איר קלייד. — גיב איך דאָס ווינטל אַ באַגלייט, —
וועל איך צו מאָל דאָ ניט פאַרפלאַפּלען איר גוט־מאָרגן?

צו מיר האָט אויסגעשטרעקט די זון פון גאָלד אַ שפּיז,
ס׳איז אַזוי זיס איר גלעט איבערן גאָרגל;
איך דריי זיך אויס, איך קוק זיך אום, — ווי צו אַ בים
האָבן זיך ציין אירע אַ צי געטאָן: — אַ גוט־מאָרגן.

# יערושע

## ניט פאַרענדיקטע פּאָעמע

.1

דער הויכער שריפט פון יִכעס און פון שטאַם
געשײַנט האָט אַף שמועל־אַלעפּס באָרד מיט גײַווע און מיט האָזע ;
ער האָט זיך אָנגעהויבן ערגעץ באַם ראַביינו טאַם
און האָט ווי טײַך אין יאַם
געריזלט און געפלאָסן
און מיט שמועל־אַלעפּן אַף שטענדיק זיך געשלאָסן

אַ לאַנגע קייט
און ער — דער לעצטער רינג איז —
און אַף די אויגן ווערט דער וועג פאַרוואַקסן צום אַמאָל ;
האָט ער פאַרלאַנגט, מע זאָל זײַן פּאָנעם לייענען, ווי דעם פּינקעס
פון אויסדערוויילטן פאָלק יִשׂראָעל ;
האָט ער פאַרלאַנגט אין שאָטנס הייליקע זיך הילן,
באַוווּסט זאָל זײַן פאַר גרויס און קליין,
אַז ס׳האָבן זײַנע זיידעס דאָ געגרונטפעסטיקט די יִדישע קעהילע
מיט יִכעס אייגענעם — אַליין ;
האָט ער פאַרלאַנגט — ניט זײַן פאַרהוילן
זאָל איבער גאָר דער וועלט,
אַז ס׳האָבן זײַנע זיידעס אויסגעמאָסטן דאָ דעם יִדישן בייסוילעם,
דעם ערשטן שטיינערדיקן פאַרקן אים געשטעלט ;

האָט ער פֿאַרלאַנגט אין שאָטנס הייליקע געהילט זײַן,
ניט צושטיין זאָל צו אים דאָס וואָכיקע געברוי,
נאָר ס׳האָט אין קאָנט געשעמט מיט זײַנע וועלדער און געהילצן,
געטראָגן האָט אים איסקע דערמאָנונג יעדער בלאַט און בוים,
און ס׳האָט אַ גאַנצע שטאָט געגאַפֿט
און ס׳האָט אַ גאַנצע שטאָט אַ שפּרוך פֿאַרהיט דאָרט,
אַז ס׳האָבן זײַנע זיידעס באַ אַ טקיִעס־קאַף
אַ בונד אַ הייליקן מיט גאָט פֿאַרשניטן.

געפּעלצט האָט זיך שמועל־אַלעף אין זײַן יִכעסדיקן פּראַכט,
געטראָגן אינדערהויך אים שטאָלץ און וויכטיק.

אַף טאָוולען אַלטע פֿון טאַנאַך
געפֿירט האָט ער אַ גאַנצן וואַלד מיט ביימער
פֿון יאָרצײַטן און פֿון געבורטס־טעג
און פֿון צעשטעלטע פֿינטעלעך געהיימע.
ער האָט דאָרטן אַרומשפּאַצירט ווי אין אַ פֿינצטערן געוועלב
צווישן שאָטנס גרויסע פֿון בעקאָוועדיקע מייסים
און אָפּגעהיט די שוועל
און איבער איר זיך גאָטספּאָרכטיק געטרייסלט,
אַז דער יעסאָד זאָל זיך, כאָלילע, ניט אַ קער
און ניט אַ וואַקל טאָן מיט עפּעס וואָס...
איז דען צו הויך געוועזן זײַן באַגער?
האָט ער פֿאַרלאַנגט דען העכער פֿון דער מאָס?
אַז ס׳זאָל אַ שטאָט פֿאַר אים זיך אָפּשינדן די הויט
און זאָל זי ברענגען אים ווי ברויט
און ווי געווירצן,
אַז קאָנען זאָל ער זײַן דער יִדישקייט פֿאַרטרויט,
ווי ס׳פּאָדערט און ווי ס׳פּירט זיך...

געלאַטעט האָט ער אים, דעם יִכעס, ווי אַן אַלטן קליפּט,
וואָס איז אונטער די פֿינגער זיך צעקראָכן;
מיט טילים האָט ער אים געמונטערט און באַטריפֿט
די אויגן אויסגעקוקט און אים געפּאָכעט,
ווו ערגעץ נאָר אַ ריס האָט זיך געדוכט,
ווו דורכגעפּרעסן ערגעץ זיך אַ לאָך האָט,

אַז ס׳זאָל קיין פּראָסטאַק כּאַסכּאָלילע ניט אַדורך,
ניט דורכרייסן זאָל זיך קיין פּראָסטער באַלמעלאָכע...

דערפאַר איז זיין פאַרדראָס געווען פון העכסטן גראַד,
וואָס ער האָט דאָך פאַרזען און ניט געכאַפּט זיך, —
ס׳האָט זיך אַ קאָרעוו דורכגעזיפּט פון קאַלעם צאַד
— אַ ברענענדיקער קאַבצן.

דערצו נאָך — אַ פאַרשייטער לערנער,
דערצו נאָך — אויך אַ ביסל דול;
דערצו נאָך — זייער ערלעך
און אויך — רעב שמועל.

ווי ווערט צוויי פון איינעם און דעם זעלבן גרונט
אַרוים זיינען זייביידע
זיך שלאָגן פאַר דעם שטאָלץ און רום
פון שטיבלעך פינצטערע און פון געקאַטעוועטע זיידעם;
געהאַנגען איז אַ שטומע נאַכט
געטראָגן ט׳זיך אַ כראָפּ פון טעמפּע זעגן, —
אַרוים זיינען זיי ביידע אָף געפאַר
אַרוים זיינען זיי ביידע אָף געשלעגן —
עס האָט אָף זיי אַ גאַס אַן אָפּגעשונדענע געוואַרט,
אַ קלויז, אַ מאַרק
און אומעטיקע וועגן...

ווען יעדערער פון זיי האָט זיך דערלעבט אַ באָרד,
אַ ווייב און וואָכעדיקע לאַסטן,
און ווען געענדיקט האָבן זיך די זיבן פעטע יאָר
פון עסן קעסט און פון צו גאַסט גיין,
האָט איינער גלייך אַ וואָרף געגעבן זיך צו וואַלד,
ווי צו דער טוירע — פלאַמענד,
דער אַנדערער האָט זיך פאַרפלאָנטערט באַלד
אין טועכצן פאַרשיידענע — מיטאַמאָל —
נ׳געטראַכט מיט פיין פון ווערן אַ מעלאַמעד...
נאָר אַז מע זאָל

דעם אויסדערוויילטן שמועל — דעם אוישער
מיט יענעם נאָך צו מאָל
כאַלילע ניט פאַרטוישן
איז אַף אַ סייכל שטאָט געפאַלן:
— וואָס הייסט?
דעם נאָגיד — שמועל־אַלעף
דעם קאַבצן — שמועל־ביים.

.2

אַ יאָר אַ קײַלעכיקס האָט אויסגעזעצן שמועל־ביים געגוי,
ווי ער וואָלט יעדן טאָג געפאַסט פאַר סכירעס,
און ער באַמיט זיך טאָן די זאַך אַזוי,
אַז זען זאָל גאָט, ווי זײַן האָרעוואַניע — פאַר פיר איז.
איז וואָס האָט שוין געהאַט באַ אים די ווערט
יאָם־קיפּער אָפּדאַרן אין וואַקס און אין פאַרפוילטן היי?
מ'האָט אים געקאָנט אַליין אַרײַנשמעלצן נ'אַ טעפל ערד,
וואָלט ער געברענט מיט אַלע ליכט באַגלײַך איניינעם.

נאָר ווען ער איז געגאַן פון שול אַהיים
האָט ווי אַף גלאָז
געלויכטן די לעוואָנע
אַף זײַן פּאָנעם;
און דאָך האָט ער אַ קרעכץ געטאָן: — נו וואָס?
זיך אויסגעוויינט אַ דאַנק צו גאָט פאַר פיר
און אויסגעדאַוונט זיך אין שוויים
פאַר צען
און כ'וויים
און ס'איז מיר קלאָר,
אַז זײַן ווערט פונקט, ווי ס'איז געווען, —
אַז גאָט האָט אָנגעכאַסמעט פונקט ווי פאַר אַ יאָר
און פריר
און פונקט ווי יעדן זמאַן:
— שמועל־אַלעפן — אַ גוויר
און מיר
— אַן אָרעמאַן.

נאָר ס'האָט דערפֿון
שמועל־ביים זיך גאָרניט נישט געמאַכט;
געגאַן איז ער אונטער די הויכע טאַנצנדיקע אַקסל,
ס'האָט זיך אים טרויעריק אַזוי געטראַכט:
— מע שאַצט דעם טאָג, ווען ער פֿאַרגייט,
דאָס לעבן — ווען עס קומט די עלטער;
ווער ווייסט, ווו ס'וואַרט זײַן קיווער גרייט —
צי איז זײַן לעבן ניט צו אים די טרויעריקע שוועל דען?...

געגאַן איז ער אונטער די הויכע טאַנצנדיקע אַקסל, —
עס האָט אַף אים געוואַרט אַ זון,
עס איז אַ זון אינדר'היים באַ אים געוואַקסן,
ווי ס'וואַקסט אַ קראָפּעווע אונטער דער זון,
אַז עמעצן זאָל זי מיט סאָם אַ ברי טאָן —
אַ דורכגעריסענע פֿון ערגעץ טיף...
ער גיסט זיך דאָרטן אָן מיט גאָלע ביטערס,
ער גיסט זיך דאָרטן אָן מיט גאָלע גיפֿט.
ס'וועט קיינעם ניט פֿאַרווּנדערן — פֿון גרויס ביז קליין —
אויב אויפֿהייבן וועט ער דערנאָך די שטעכערס
אַנטקעגן טאַטן אייגענעם אַליין...

געשטאַנען איז ער ערגעץ ווײַט אונטער דער שטאָט
באַ אויסגעליידיקטע פֿאַרקילטע נעסטן;
אַ זומער איז געווען און איז נישטאָ...
דער האַרבסט האָט זיך אַף אים גענומען מעסטן,
געלייגט אַף אים זיך ווי אַ כמאַרעדיקער וועג —
אַ זומער איז געווען און איז אַוועק...

נאָר ערגעץ באַ שמועל־אַלעפֿן אין סאָד
אַף יעדן בוים אַ צוגעוואַקסענער איז ער געבליבן;
איז היט אים עזרע דאָרט מיט היץ און מיט פֿאַרזאָט,
אַ יעדער ווײַל — אַ רים און אַ פֿאַרגליווער;
אַף יעדן בוים
פֿון אונטער יעדן בלאַט
אַף צווײַגעלע אַף דינעם —
אַ שעמעוודיקע האָט געקוקט צו אים — אַ פֿלוים

אַזוי אָ אַקוראַט
ווי פון אונטער אַ שאָלעכל אַ גרינעם.

פון איינער צו דער אַנדערער ער בלאָנדזשעט,
ער קוקט זיך אום אַף יעדערער געשווינד,
ווי ס'טוט אַ הויב אַ בלויער אַף זיי אָן זיך
פונקט ווי אין בלויען זײַד זיי אײַנגעוויקלט וואָלט דער ווינט.
זיי מוזן זײַן אַזוי געפערלעך זיס.
דער זומער איז געווען אַ הייטער און אַ לאַנגער ;
נאָר שווער איז פון שמועל־אַלעפס בוים צו טאָן אַ ריס
נאָר שווער איז פון שמועל־אַלעפס פלויט צום בוים דערלאַנגען...

און מיטאַמאָל דערלאַנגט עפּעס אַ פּאַכעד
די פויגלען — אויף. און אַ געוואַיל :
— אַראָפּ פון פלויט. עס גיט עפּעס אַ בראָך אים
און ער אַנטלויפט מיט אַ פאַרבלוטיקט מויל...

האָט דען שמועל־ביים פון אומגליק אים געקאָנט פאַרהיטן ?
ער האָט זיך צוגעקלעפּט צו אים און האָט מיט ווײ געטריפט :
— זאָל ער זיך אָנזויפן מיט גאָלע ביטערם
— זאָל ער זיך אָנזויפן מיט גאָלע גיפט.

.3

צו זיבן יאָר האָט ער פאַר אים געקויפט אַ האָן,
אַזאַ מין אַלטן כוילע־נויפלדיקן פויגל,
וואָס האָט ניט געקאָנט גיין, ניט פליִען ניט געקאָנט
און נאָר דאָס קעפּל צו דער ערד געבויגן.
די אַלטע פעדערן האָבן אים צוגעדעקט,
ווי אַזאַ קויטיקלעכע שאַל אַן אַלטע
און ס'האָט געקוקט פון אים אַזאַ מין שרעק
און אַ געבעט אַזאַ מין איינזאַמס
— מע זאָל צו רו אים לאָזן און — אַן עק,
איז אויסציִען דאָ באַלד וועט ער אַליין זיך...

האָט זיך צו דר'ערד שמועל־ביים אַ בויג געטאָן אַראָפּ,
געבונדן מיט אַ שטריקעלע די פיס ער האָט אים

און באַ אַ צאַנקענדיקן לאָמפּ
געמומען זאָגן פֿאַר זײַן עזרען בעניי־אָדאָם,
אַז ס'זאָל פֿאַרביטן ווערן אַלץ
אַף אָט דעם אַלטן כוילע־גוופלדיקן פֿויגל...

גאָר ניט פֿאַרשטאַנען האָט דער אויסגעשטרעקטער האַלדז,
און ניט פֿאַרשטאַנען האָבן די אַרויסגעזעצטע אויגן:
— וואָס זאָגט מען אים אַזויפֿיל אָן?
— וואָס טוט מען דאָ אַזאַ באַלאָד אים,
אַז סאַכאַקל איז ער בלויז — אַ האָן,
און ווי אַ האָן פֿאַרשטייט ער ניט קיין בעניי־אָדאָם.
נאָר ס'איז דעם האָן שוין אויסגעגאָן די צײַט,
ד'ער טויט ט'זיך שוין מיט זײַנע פֿעדערן געפֿאָרעט,
ווי ער וואָלט זיי פֿונאַנדערגעקעמט — זײַט באַ זײַט, —
אַז איינער זאָל זיך מיטן אַנדערן ניט פֿאָרען
און אַלץ זאָל רעכטפֿאַרטיק און פֿינקטלעך זײַן,
אַזוי ווי ס'קומט און ס'פּאַסט פֿאַר אַ קאַפּאָרע...
עס איז זיך דורכגעגאַן דורך אים אַ ווינטל,
עס האָט אַף אים די פֿינצטערניש געטאָן אַ קריך,
באַוויזן האָט ער ציטערדיק מיט אויגן זיך צעפֿינטלען
און קרײַזן מיט די אויגן עטלעכע נאָך מאַכן גיך,
ווי ער וואָלט זייער אײַליק און געשווינד דאָרט
באַדאַרפֿט נאָך אָנשעפּן אַ ביסל ליכט...

האָט ער געקוקט דער אַלטער האָן — אַליין —
געפֿינטלט אַף שמועל־בייסן מיטן סידער:
— נו, טו, ווי טאָן אַ מענטש באַדאַרף און קאָן...
און ס'איז שמועל־ביים געגאַנגען ווערט באַ וואָרט אַליין,
און עזרען האָט געדוכט, אַז אויך שמול־ביים ז'מיט פֿעדערן באַלייגט
און אַז דאָס באַנקבעטל ז'ניט מער ווי אַ גאַסידע;
דער קאָפּ — געבויגן
די ליפּן — בלאָ
אין שרעק די אויגן —
אויסגעבאָדן
און קער זיך, דאַכט זיך, אויך אָן עמעצן אַ האָן,
און עמעץ זאָגט שוין אַף אים — בעניי־אָדאָם...

אַזוי איז אָפּגעגאַן אַ נאַכט אין שוויים,
עס האָבן שאָטנס זי געטריבן —
געקוקט האָט אָפּן האַן שמועל־ביים
ער זאָל אַף אים ניט האָבן קיין פאַריבל,
וואָס ער שמועל־ביים, באַדאַרף די האַק זײַן
און זײַן די בראַכע און דער בראָך, —
ער האָט דאָך נאָר געוואָלט אַז ס'זאָל אים עזרע וואַקסן
און זאָל אים האָבן לאַנגע לעבעדיקע יאָר...

.4

אַ יעדער אויסגעצופּטע האָר
פון באָרד
האָט שמול־אָלעף איבער ספאָרים הייליקע פאַרזייט דאָרט,
אַז אויסוואַקסן זאָל אַף איר אָרט
אַ וואַלד אין זכוס פון זײַנע זיידעס...

ער האָט געהאַט אַף יענער וועלט אַן אייגענע קאַנטאָר,
אַ בוכהאַלטעריע
אַ מאָנער
און נעמאָנים,
וואָס האָבן קוויטלעך — יאָר נאָך יאָר —
פאַר אים געכאַסמעט ווי געהעריק...

— אַ קוויטל פאַרן וואַלד, וואָס ליגט באַ אים פאַרזעצט,
— אַ קוויטל פאַרן וואַלד, וואָס שטייט אים פאַר צו קויפן,
— אַ קוויטל פאַרן וואַלד, וואָס מ'האַקט שוין אוים ביז לעצט,
— אַ קוויטל פאַר דער זעגמיל מיטן פאָרעצס הייפל.
ער שטעלט שוין דאָרט פאַוואָליע מיט אַ פּוס
נ'אַז גאָט וועט הייסן, לאָזט מען זי נאָך ערעוו שוועס.

עס וועט זיך ווי אַ קלאָץ אַוועקלייגן אַף איר
די גאַנצע ערד
און פערטלען וועט מען זי באַם ערשטן ריר
און פון אַ קאָפּ וועט ווערן פיר.

עס האָט זיך אָרנטלעך אַ שטאָט געפּרוכפּערט און געמערט,
און, ווי ס'געהער צו זײַן, האָט מען געפירט צו כופּעס;

אוליאַשטשענעס געטאַנצט, געוואָרגן און געטופּעט
און אומגעדרייט האָבן זיך איידעמס — פּרינצן — הין און הער
מיט שוואַרצע בערדעלעך און באַקן בלאַסע,
כאַטש איינעם שיק דאָרט נאָך דער סוקע־שער
און איינעם שיק נאָך מאַצע־וואַסער.

און נײַע צילען זיך דאָרט יעדער וואָך אויס
די גראָבע נאַדנס — נאָך באַם שווער
באַ זיי — די נאָך ניט אָפּגעקילטע שיווע־בראָכעס.
אין גלאַט אָרעמע־לײַט — [illegible] און געשאַכטע,
וואָס האָבן שוין פאַרנאָסעס אויסגעטראַכטע
זייער פיל פאַרשיידענע געהאַט,
נאָר קיינמאָל נאָך קיין ברויט צו זאַט.
און אַלע קלאַפּן [illegible] עפן זיי טיר:
אַ וואַלד־הענדלער האָט ווערן יעדערער גוסטירט.
און ס׳ציִען זיך צו אים פאַרגלויבטע הענט שוין,
מע טראָגט צו אים דאָס לײַב, מע באָרגט און מע אַנטלײַט:
— פאַרוואָס־זשע זאָל שמועל־אַלעף זיי ניט מאַכן פאַר קיין מענטשן?
— פאַרוואָס־זשע זאָל שמועל־אַלעף זיי ניט מאַכן פאַר קיין לײַט?

פאַרשריבן האָט ער זיך צו דרײַ ראַבאָנים
אַ יעדן איינעם אָרנטלעך פאַרלייגט די ציין,
און ס׳האָט געטריפט דער טאַקיף אים פון מויל ווי האָניק:
— נישקאָשע, כ׳קאָן נאָך דרײַ ראַבאָנים אויסהאַלטן אַליין.
צו איינעם ז׳ער געפאָרן האַלטן זיך אַן אייצע
מיקויעך דעם זאַוואָד,
דער אַנדערער האָט פאַר אַ שוטעפל אַרײַנגעדרייט זיך,
דער דריטער האָט געבעטן גאָט,
און ס׳האָט זיך דאָרט אַ זעגמיל אויפגעהויבן
אַזאַ, וואָס האָט געשעמט אַף אַ גובערניע —
שמועל־אַלעף וועט מיט אירע הויכע טרויבן
אַ האַלבע וועלט דאָרט נעמען אַף די הערנער,
עס וועט זיך ווי אַ קלאָץ אַוועקלייגן אַף איר
די גאַנצע ערד אימירטשעס
און פערטלען וועט מען זי באַם ערשטן ריר
אימירטשעס.
נאָר ס׳האָבן זיך צוערשט געלייגט די וואַלד־הענדלער אַף איר,

די נאַדנס האָבן זיי מיט ציטערדיקע הענט אַרײַנגעגראָבן
נ׳שמול־אַלעף האָט ווי צו דער שכיטע זיי געפֿירט
און ס׳האָבן זײַנע זעגן איבער זיי געמאַכט די ערשטע פּראָבע.
געפֿלאַקערט האָבן זיי אונטער די הענט
מ׳האָט זיי אַף דראַניצעס אַף פֿינצטערע צעטעסעט,
געבליבן זײַנען אַלע אָן אַ העמד,
ווי אַפֿן יאַם — אינמיטן, —
און דעמאָלט האָט שמול־אַלעף זיי באַוויזן כעסעד
די מײַסע אַף אַן עמעס גענומען זיי דערציילן:
— מע קאָן — האָט ער געזאָגט, — אַבי מע וויל, דעם וואַלד אים היטן

און אויכעט האָבן ברויט.
— מע קאָן, האָט ער געזאָגט, אַבי מע וויל, די ביימער ציילן,
סע וועט דאָ קלעקן ביזן טויט.
דערנאָך האָט ער זיי פֿאָרגעלייגט: — אַזויווי און אַזויווי,
איז זאָלן זיי אַרײַנטראָגן דאָס געלט פֿון אַלע קרויווים;
דערנאָך האָט ער זיי שטיל פֿאַרטרויט,
זיי זאָלן אָפּשינדן פֿאַר אים די לעצטע הויט,
ד׳ערנאָך — אַזוי שוין — אַפֿן ווונק,
אַז ווייניקער מע זאָל צו אים זיך שפּאַרן —
האָט ער זיי פֿאָרגעלייגט אַרויסצושטעקן דעם צונג
נ׳אַרויסזעצן די לעצטע פּאַרע.

און אַז געפֿרעגט האָט מען שמול־אַלעפֿן:
— שמועל־אַלעף, סטײַטש?
האָט ער געענטפֿערט אַלעמען
אַף רוסיש און אַף דײַטש...

נ׳אַז ס׳האָבן זיך אַרײַנגעמישט ראַבאָנים אינעם איניען,
און ייִדן האָבן אויסגעזען, ווי פֿליגן בערדיקע אין פּאַוועטינע, —
האָט יעדער רעבע מיט קאָפּ געדרייט און זיך געהוידעט
און איינציקווײַז אַ יעדן ייִדן אָפּגעקוילעט
אַזוי אונטער דער נאָז — אַף לאָשן־קוידעש;
זיי האָבן נאָך עפּעס געדרייט דאָרט און געברײַעט
און צוגעקומען איז דער שטאָט
אַ נײַער גאַנג אָרעמע־לײַט.

.5

ווען ס׳קומט אין שטוב אַרײַן שמועל־בײם,
און ס׳גיט די אָרעמקייט צו אים אַ פּאַטש,
איז טרײַבט ער אָפּ זי מיט דער טרייסט,
וואָס עזרע ז׳שוין אַ גרויסער באָכער.
די פרײַע קינדהייט איז אים גיך פאַרבײַ,
זי איז געגאַן דערנעבן — באַ דער זײַט זיך;
געגעבן האָט זיך שנעל אים יאָר נאָך יאָר אַ בײַט,
ביז ער איז אָנגעקומען צו די דרײַצן.

אין ווינטער־נעכט פון פראָסטן און גליווער
באַ אַ פאַרויכערטן לעמפּל אַ צעגליטס
ז׳אַרײַנגעגאַן אין כיידער אַ גוואַלדאָוונער ליוואַק,
וואָס האָט געלערנט רעכענען און שרײַבן קריץ.
ס׳האָט עזרע זייער לערנען זיך געוואָלט באַם ליוואַק,
אַרײַנדרינגען אין טאָך פון שרײַבן מיט דער לינקער האַנט;
עס האָבן טרערן זיך געגאָסן אים, ווי טריוואַקס,
פאַרשטערט איז אים געווען דאָס ברויט און דאָס געטראַנק, —
נאָר ס׳האָט זיך לאָזן קאָסטן ניט געקאָנט שמועל־בײם
אי דאַוונען אי לערנען אי שטודירן, —
האָט ער אַליין ביז ריקעס שוויים
גענומען עזרען דורך די ווינטשאַפטן פירן.

ער האָט אים אָנגעשטאָפּט דעם קאָפּ,
קיין אָרט קיין ליידיקס ניט געבליבן:
אַ ברויזיקער קאַליידאָסקאָפּ
פון די אַגאָדעס ביז דער ביבל.
און יעדעס מאָל און יעדן טאָג,
ווי נאָר פון כיידער ער באַווײַזט זיך, —
גיט ער אים טייקעף אַ פאַריאָג
און אַזאַ נעם צו אים זיך פלײַסיק,
און ניט געזשאַלעוועט קיין מי,
און ס׳איז די צײַט אים גאָרניט טײַער,
אינדר׳הויך געפלויגן איז די מיל
פון ספאָרים אָפּגעלייגט אַ שײַער —
יעשוע, שאָפטים און יעשײַע...

און גלײַך פֿאַרהערט, און ניט געוואַרט
און גלײַך אַף אויסווייניק געשפּאַנט זיך;
עס איז שוין טונקל, ס׳איז שוין נאַכט
אַזוי אַ וואָך... אַ וואָך אַ גאַנצע...
אַ גאַנצע וואָך — אין אַ געלאָף —
ט׳ער עפּשער שאַבעס זײַן געגעזן?
נאָר אַלע שאַבעס נאָכן שלאָף
ז׳געגאַן באַזונדער עוון-עזרע.

געגאַנגען איז אַ סעדרע
אין קאָפּ אַ גאַנצע זאַווערוכע,
— וואָס וויל פֿון אים נאָך אָט דער פּאַן?
ער ווייסט. ער האָט זיך שוין דערמאָנט:
— ווען ער זאָל האַנדלען מיט טאַכריכים
וואָלט קיינער ניט געשטאָרבן דאַן.

דאָס האָט שמועל-ביים אַרײַנגעשרויפט אים,
ווי דאָס געמיינט וואָלט אים אַליין, —
ווען ער וואָלט ליכט געפּרוּווט פֿאַרקויפֿן,
וואָלט קיינמאָל ניט די זון פֿאַרגיין...

אין עזרען האָט געזאָטן קאָס
סײַ פֿאַר דעם לעוואַק נ׳פֿאַר דעם פֿאַרשפּאַרט זײַן;
נ׳אַז ס׳האָט אַ הילך געטאָן די גאַס
און אים אַ צי געטאָן באַם האַרצן,
האָט ער פֿון קאָס דערלאַנגט אַ שטויס זיך:
— נו, טאַטע גוט. איז וואָס דערפֿון?
אַן אומגליק וואָלט געווען אַ גרויסער
ס׳זאָל קיינמאָל ניט פֿאַרגיין די זון?
ניט אָפּגעשטעלט ט׳דעם פּאָטערס האַנט אים
און פֿון זײַן מויל געזעצט האָט היץ:
— וואָלט מיט טאַכריכים ער געהאַנדלט
נ׳געלעבט געזונטערהייט ביז איצט...

אין כיידער ז׳ניט געווען זיך ווו צו טאָן אַ דריי.
צווישן פֿינצטער-גרינע ווענט און אַלטער פּאָוועטינע —
געטראָגן האָט זיך דאָרט אַ טעמפּער רייעך

פון שוויים, פון טראָלדן און ציקלינעס.
דעם רעבן פון די אויגן איז געגאַן מאַטעריע
האָט ער אין סענץ פון קאַלטן טיי
אינמיטן לערנען
צעפוילטע שמאַטקעלעך געטונקען צוויי
און צו דעם בלינדן ווונדפלייש צוגעטוליעט זיי.
ס'האָט דעמאָלט אויסגעזען דער רעבע ווי אַ מעס
מיט שערבלעך צוגעדעקט די אויגן ווי געשווירן;
דאָס טײַטל ווי אַ שטעקן אין די הענט פאַרפרעסט,
אַז ס'זאָל אים גרינגער זײַן צו גיין, ווען קומען וועט מאָשיִעך...
האָט ער אין סענץ אין קאַלטן אויסגעווייקט
און צוגעקלעפּט די אויגן
מיט שמאַטקעלעך מיט צוויי
דעם טאָם פון כומעש שטייענדיק געזויגן.

ס'איז אַרום אים געווען נאַכט,
די וועלט איז אַרום אים געווען פאַרלאָשן
און מיטן האָריק-אויסגעזויגן מויל, פאַרשמאַכט, —
האָט ער געוועקט פון קיווער אויג מעלעך האַבאָשן,
און יאַנקעווס קינדער איינציקווײַז — אַליין —
האָט בלינדערהייט געפירט דער רעבע דורכן כיידער:
אָט איז יעהודע, וואָס זײַן קאָל איז שטאַרקער פון אַ לייב,
און אָט איז שימען-לייווי מיט די שווערדן —ביידע;
נאָר דאָס האָט עזרען פאַרן האַרץ געטאָן אַ נעם,
די אויגן האָבן זיך צעפלאַמט מיט פײַערלעך מיט גרינע
וואָס אויסגעקוילעט האָבן זיי אין צווייען שכעם
פאַר זייער שוועסטער דינע.

נאָר ס'האָט שמועל-בּיים זיך ניט פאַרלאָזט אַף זיך אַליין
און ניט אַפן מעלאַמעד דעם אַמאָרעץ —
געהייסן האָט ער עזרען יעדן שאַבעס נאָך האַוודאָלע גיין
צום פעטער אַריען זיך פאַרהערן די געמאָרע.
דער פעטער אַריע איז געזעסן אין אַ צימערל פאַרשפּאַרט
די רוּע — שוואַך.
ס'געהער — פאַרלייגט, די אויגן — טרעריק
און האָט מיט אַלע זײַנע כושים שטיל געגאַרט
אַז עמעצער זאָל קומען אים אַליין פאַרהערן...

דאָס שיטערע געוויקס אָף זײַנע אַלטע באַקן
האָט אויסגעזען ווי אָנגעשאָטן — דורכגעברענטער אַש,
נאָר ס'האָט עפּעס אין מויל בײַ אים געפלאַקערט
און זיך געראַשט.
קומען האָט אָף יענער וועלט גוסטירט דער פעטער אַריע
גלײַך ווי אַ בוים מיט טוירע-בליִענדיקער פּראַכט
האָט ער זיך ליב געהאַט בײַ זיך אין צימערל פאַרשפאַרן
— אַז וויל צו דעם וואָס קומט פונדאַנען
און לערנען אויסנווייניק טאָג און נאַכט.

כ'איז אים דער גאַנצער שאַס געווען באַקאַנט
נאָר שטיל דערגראָבנדיק זיך צו דעם יאָדער
האָט ער געברײַעט: — אשרי מישבא לכאן
ותלמודו בידו...
צי מ'האָט אים יאָ צי מ'האָט אים ניט פאַרשטאַנען
נאָר ער צו יעדערן האָט זיך געווענדט:
— אַז וויל צו דעם וואָס קומט פודאַנען
און האַלט דאָס לערנען אין די הענט...
אַזוי טאָג אויס אַזוי טאָג אײַן
אַ טאָג — באַגלייט, אַ טאָג — באַגעגנט;
נ'אַז עזרע קומט צו אים שאַבייסענאַכטס אַרײַן
איז גייט דער פעטער אַריע אים אַליין אַנטקעגן.
— נו, עזרע — מאַכט דער פעטער אַריע אים אַ ברייטן באָרעכאַבע —
אַ גאַסט. אַ גאַסט. פונוואַנען קומט מען עס אַראָפּ?
ער רוקט אים צו דאָס פּושקעלע מיט טאַבעק:
— מען זאָגט דו האָסט דעם טאַטנס קאָפּ?
ער גיט זיך עפּעס גאָר אַ פּאָרע
אַ וויש די פינגער זיך איבער דער שויב
ס'איז עפּעס טומלדיק באַם טישל מיט אַמאָל געוואָרן
און ווידער האָפערדיק צו עזרען זיך אַ הייב:
— איז נאַ דיר עזרע נאָר אומיסטן די געמאָרע
כ'וועל אויסנווייניק אָפּזאָגן דיר עפּעס וואָס
די אויגן זײַנען בײַ דיר יונגע נאָך און קלאָרע
איז וועסטו זען צי מאַך איך דאָ כאָלילע ניט קיין טאָעס.

כ'האָט עזרע שעמעוודיק געשטעלט דעם פעטער אַריע זיך פאַרהערן
געקוקט אין סייפער און געקוקט אָף אים

עס האָבן זיך אים אויגן אָנגעפּילט מיט טרערן
הערנדיק דעם פעטער אַריעס שטים...
געטריפט פון אַלטע ליפּן האָט פון זײַנע
אַזאַ געוויין אַזוי פאַרפלאָנטערדיק און גיך
עס איז דער אַלטער ייד פאַר אים געשטאַנען,
ווי פאַר אַן עלטערן פון זיך.
די אויגן צוגעמאַכט זיך אַלע ווײַל,
און זיך אַליין געפרעגט און זיך אַליין געענטפערט,
ער איז געלאָפן דאַכט זיך איבער ווערסט און מײַל,
און ס'האָט דאָס אַלטע פּאָנעם זיך בײַ אים געענדערט.
און שטיל אַזוי געגרייט זײַן גוטס פאַר יענער וועלט,
אַז אָנקומען זאָל ער אַהין מיט פולע הענט.
ס'האָט עזרע ניט געקאָנט זיך ביזן סאָף דערהערן
און ס'האָט אַ פראַגע זיך געטאָן בײַ אים אין מויל אַ שטעל:
— איז וואָר־זשע וועט אײַך פעטער אַריע
פאַרהערן דאָרט אַף יענער וועלט?...

עס איז געגאַן די צײַט,
געגרינט אונטער דער שטאָט האָבן די סעדער;
געגרינט, געוויאַנעט און געטײַעט
נ'פון ס'נײַ זיך אָנגעטאָן אין שניי, ווי אין געפלעדער.
מע גאַנוועט זיך אַמאָל אַרויף
אַף שטרעקעס שנייִקע און טויבע,
נאָר ס'הייבן זיך די אויגן אַף
ניט העכער פון די טויבן...
און ס'גייט די צײַט. און ווײַטן ליגן אָפן.
האָט עזרען איינמאָל אויפגעוועקט שמועל־בייס קאַיאַר
און אים געזאָגט: — ס'איז ווי אַ שאָטן דורכגעלאָפן,
דו ווערסט הײַנט, עזרע, דרײַצן יאָר.
ער האָט פון בעט מיט צערטלעכקייט אים אויפגעהויבן,
אים מיט די אויגן אַ פאַרשלאָפענעם געטאָן אַ גלי:
— געענדיקט עזרע, זיך דאָס יאָגעניש נאָך טויבן,
— געענדיקט עזרע, זיך דאָס לויפן אָפן גליטש.

צום פענצטער זיך געטוליעט האָבן ווײַטע ווערסטן,
און ווערטער זיך געלייגט האָבן ווי צאַרטע טריט:
— פאַרגעס ניט... אַ באַרמיצווע... איצטער ווערסטו,
אַצינדער ווערסטו שוין אַ פאָלנער ייִד.
ס'האָט ווירקלעך עזרע זיך געיאָגט נאָך טויבן,

געיאָגט האָט מען נאָך אים זיך אויך אַמאָל ;
און אַלע שאַבעס אויסגעזעצט באַ עמעצן די שויבן
און אַ צעשלאָגענער געקומען אַלע מאָל.
נאָר וואָס איז דען געווען נאָך זיסער און נאָך זעטער,
ווי זיצן אין אַ סאָד און אויפכאַפּן מיט געהער,
ווי ס׳גיט עפּעס אַ שורווע צווישן בלעטער
ווי ס׳גיט אַן עפּל דאָרט אַ פאַל אַראָפּ אַף דר׳ערד,
אים אויפהייבן אַ טאַפּ טאָן מיט די הענט
דערפילן, ווי סע ווערט אין לײַב אין גאַנצן היים ?
נ׳אַז ייִדן האָבן צו שמועל-בייסן זיך געווענדעט:
— דו קוקסט גאָרניט אַף אים שמועל-בייס ?
האָבן די אויגן זיך פאַרגאָסן אים מיט טרויער,
די באָרד געביסן : — ווייס איך וואָס און ווען...
ס׳איז יונגער ביר... סע מוז זיך איבערבראַיען
כ׳בין קינדווײַז אויך אַמאָל אַזוי געווען...

איז ער אַוועק, שמועל-בייס, אין דער אופּראַווע
געשריגן אַפן ווײַב און איז געווען בייז ;
מ׳האָט קיין באַרמיצווע עזרען ניט געפּראַוועט
ס׳האָט אַף קיין טפילן ניט געהאַט שמועל-בייס...
ער האָט פאַר זיך עס אָנגענומען ווי אַן אוינעש
און ניט געפונען זיך האָט ער אינערגעץ ניט קיין אָרט :
— כאָטש אָנמעסטן — האָט ער געטראַכט, — אים אַפן קאָפּ
אַזוי נאָר,
כאָטש איין און איינציק מאָל... מע איז דאָך ייִדן פאָרט...
האָט ער אים אָנגעמאָסטן זײַנע.. נ׳מיט פאַרקלעמטער שטים האָט
ער די בראָכע אָפּגעזאָגט מיט אים אַליין ;
כ׳האָט עזרעס קאָפּ אַ שײַן געטאָן מיט שימל,
די מאַמע האָט געקוקט פונווײַטנס און געוויינט...

די לעצטע זומערדיקע טעג
פלעגט זי ניט אויפהערן צו וויינען גאַנצע שאָענווײַז ;
נאָך מיט אַ כוידעש פריר האָט זי זיך אויפגעהויבן און ז׳אַוועק
מיט אַ געדונגענעם פורל קיין סלאַוווטע אַף קייוועראָוועס.
ס׳האָט זיך דער עלעל אָנגערוקט אין שטעטל ווי אַ כמאַרע,
געשלײַפט האָט ווי אַ מעסער זיך אין איר דער קלויסטערישער שפּיץ,
די טעג זײַנען געווען קרענקלעך-וואָרעם,
ווי זיי וואָלטן אַרומגעגאַן מיט היץ.

געצויגן מ'האָט זיך צום בייסוילעם פון קאַיאָר אָן,
זיך אָפּגעזוכט האָט יעדערער אַן אַלטן דורכגעפוילטן שטיין;
עס האָבן יִידענעס זיך איינגעזויגן אין די קוואָרים
און מיט מאַצייוועס איינגעטייַנעט דורך געוויין.
ס'האָט דער בייסוילעם זיך מיט קוילעס אָנגעקוואָלן,
און דאָס געוויין האָט דורכגעשורעוועט פון בוים צו בוים;
אַ ווייַל זיך אָפּגערוט און — ווידער אַ יעלאָלע,
וואָס מ'האָט זיך נאָך דערמאָנט, שוין גייענדיק אַהיים...
נאָר שטיל האָט עזרעס מאַמע צו אַ קייווער צוגעזעצט זיך,
ווי צו אַ שטיינעריק געבעטער בעט;
זי איז געבליבן אָפּן הייליקן אָרט די לעצטע,
און ניט געהערט האָט קיינער איר געבעט.
זי האָט געשטאַמט פון די געשמיסענע סלאַוויטער יידן,
וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרפייַניקן צום טויט;
זי האָט אַף זיך אַליין געפילט די גרעמפּלידיקע ריטער,
ווען מ'האָט עס איר נאָך מיידלווייַז געהאַט פאַרטרויט.
זי האָט געוווּסט, אַז ס'איז בא איינעם פונעם קאָפּ
בעשאַס דעם פייַניקן דעם אומגעהערטן
די יאַרמלקע אַראָפּ,
האָט ער אונטער געפאַך פון שווערדן,
שוין אַ פאַרשמיסענער ביז בלוט,
זיך אָנגעבויגן צו דער ערד דאָרט
און מיט די הענט פאַרדעקט דעם קאָפּ ווי מיט אַ הוט,
אַז טראָגנדיק דעם פייַן דעם גרויסן
זאָל אַף אַ רעגע דאָרט זייַן קאָפּ
ניט בלייַבן אָן אָנטבלויזטער.
און אָנגענומען שטיל האָט ער די גאָב,
ג'אַז ס'האָבן שווערדן זיך צעהוליעט איבער זייַנע הענט,
וואָס האָבן אים דעם קאָפּ גלייַך ווי אַ הוט פאַרדעקט דאָרט,
האָט ער צעבראָקטע זיי פון קאָפּ ניט אָפּגעווענדט,
זייַ ניט געוויזן קיינעם — אויסגעשטרעקטע...

עס האָט קיין קאָל פון אים דאָרט ניט געהערט זיך
און ניט קיין רוף און ניט קיין קרעכצן...

עס האָבן אויך אין איר געדעכעניש ניט אָפּגעמעקט די יאָרן,
פון זינט מע האָט עס איר נאָך מיידלווייַז פאַרטרויט

— געשמיסן האָט מען זיי פאַר דרוקן ספאָרים,
פאַרפּייַניקט האָט מען זיי דערפאַר צום טויט...

אַהערצו פלעגט זי קומען צום געביין,
ווי צו איר איינציקן פאַרמעגן;
אַהערצו האָט זי אויך פאַרטראָגן איר געוויין
פאַר עזרעס וועגן...
ביימוילעס־ביימער האָבן זיך געשאָקלט שטילע,
זיך אייַנגעהערט מיט קעפּ פאַרוואָרפן צו דער זון;
אַהער איז זי געקומען בעטן שטיל מעכילע,
וואָס טפילן ווי אַ ייִד ניט אָנטאָן וועט איר זון...
אַהערצו פלעג זי קומען צום געביין,
ווי צו איר איינציקן פאַרמעגן;
אונטער דעם קיווערדיקן שטיין,
וואָס זייַנע אויסיעס האָט קיינער ניט געקאָנט פאַרמעקן —
באַהאָפטן מיט דער ערד און צוגעדעקט מיט צייַט און רו שוין, —
האָט זי איר מאַזל טרויעריק געלייענט
און האָט עס אָפּגעהיט געטרייַ, ווי אַ פאַרבליבענע יערושע,
וואָס גייט שוין איבער לאַנג צו קינדס־קינדער אַליין...

זי האָט דעם קייווער אָנגעקערט, ווי ס'קער דעם בוים אַ בלאַט אָן
און ווי סע קער דער דער צייַט זיך אָן אַ טאָג;
אַרייַנגערעכנט האָט זי עס שמועל־בייסן אינעם נאָדן
ווייַל עפּעס אַנדערש, האָט זי גאָרנישט ניט פאַרמאָגט.
כאָטש ס'האָט שמועל־בייס געקנייטשט זיך אין דער סוואָרע,
צי איז עס טאַקע פּונקט אַזוי געווען,
ווי מע דערציילט די מייַסע מיט די ספאָרים...
ווייַל ווען עס האָט זיך די קעהילע
צו רעפאָעל בערשאַדער געווענדט,
און זיך מיט אים באַגערט צו טאָן אַ שאַף,
אַז שווערן זאָל ער אין געריכט פאַר די קעדוישים גיין,
האָט ער זיך אָפּגעזונדערט אין געוויין
און אויסגעגאָן דאָרט שטיל און שאַ...
ווייַל טאָמער וועט ער ברענגען מיט זייַן מויל כאָלילע
אָפּן געריכט אַ שוווּעס־שאָוו...

דאָס האָט צו עזרעס מוטער זיך ניט אָנגעהערט,
איר האָט מען עס אַזוי איבערגעגעבן,

און זי האָט אויך באַגערט,,
אַז ווימן זאָל עס עזרע אַפֿן גאַנצן לעבן...
נאָר אַ פֿאַרדייגעטער, אַ בײַשפּיל אים געגעבן האָט שמועל־ביים,
אים אָנגעוויזן אַף דער ערד און אַפֿן הימל
און אים געזאָגט: — אַ קאַטשקעלע אַ קליינס
לאָזט אויך זיך אַפּ אין טײַך אַליין צו שווימען...
און אַפֿן בײַשפּיל זיך אַליין געענטפֿערט:
— אויב וועסט זיך פֿירן גוט, וועט גאָט דיר העלפֿן
און מאָמער — ניין,
איז וועסטו שולדיק זײַן אַליין...

אַרויס איז עזרע פֿון די דרייצן יאָר, ווי פֿון אַ וואַלד,
ער האָט פֿון זיי זיך אָפּגעטרייסלט, ווי פֿון שטויבן,
ג׳אַ פּרווו געטאָן דאָס לעבן באַלד
מיט זײַנע יונגע פּלייצעס אונטערגעהויבן...

.7

צו שוועס האָט דאָס גרינס צערוישט זיך און צעהאַוועט,
עס האָבןביימער זיך געגעבן אַ צעיאָג.
און באַ שמועל־אַלעפֿן האָט זיך צעגרינט די באָרד
די קוטשעראַווע. —
אַף שוועס, — פּונקט ווי אַלע יאָר,
האָט ער אַ מאַלכעסדיקן טיש געפּראַוועט.

פֿאַררופֿן האָט ער ייִדן פֿון דער שטאָט, די פֿרומע און די שיינע
זיך פֿרייען מיט דער טוירע ביז קאַיאָר;
געווינטש האָט אים ריישים, יעדער איינער,
ער זאָל דערלעבן באַראַיאָר.

ס׳האָט אים געהאַלדזט די שוועסדיקע נאַכט,
די טויערן פֿון הימל האָבן זיך פֿאַר אים געעפֿנט;
ער האָט געזען באַשײַמפּערלעך די פּראַכט
פֿון גאָטס גענאָד און לײַטזעליקער שעפֿע.
ס׳האָט אים געהאַלדזט די שוועסדיקע נאַכט,
ער האָט שוין אַף אַ האַלבער שטאָט צעשפּרייט זיך,
ער האָט געטראַכט:
ס׳זאָל נאָר אַזוי אים ביזן סאַמע סאָף גיין.
ער האָט געטראַכט:

ס׳איז אזא גאָלדענער נאָך־פּייסעך.
אַ יעדער טאָג איז ווי אַ בוטל שטאַרקע פּייסאַכאָווקע,
כאָטש פּראָפּ אים אויף און טרינק איגמיטן גאַס,
אַז זען זאָל שטאָט
און זאָל צעפּלאַצט ווערן פון קינע און פון קאַס.

אַז ס׳גייט אַ פור אַן אָנגעלאָדענע אַנטקעגן,
איז לאָזט דער פורמאַן זיך אַראָפּ נ׳פאַרהייבט דעם הוט,
און ווו ער גיט דאָ ניט קיין דריי זיך
און וועמען דאָ נאָר ער באַגעגנט,
איז אַלצדינג זיינס און אייגנס ווי דער פּייסעך —
עס איז אים גוט.
אַז טאָמער גייט אַן אָרעמאַן צופוס —
ז׳ער אויבעט זיינער.
איז אונטערגעהאַלטן דאָרט אַ ניגן האָט זיך יעדער
און צוגעווינטשעוועט: אַז פרעסט זאָלן געקאַטעוועטע זיין נאָר.
ס׳איז אים געוועזן גוט —
ער האָט געוווּסט:
— מע אַרבעט און מע טוט,
און אויב סע גייט ערגעץ אַ פור מיט געהילץ,
ז׳אַפילע דער פאַרדאַרטער סקריפּ פון רעדער
אויבעט זיינער.

ער האָט ליב געהאַט דעם גרילץ,
און אומעטום האָט ער געהערט ס׳געזאַנג פון זעגן,
פון אומעטום איז אים די וועלט געגאַן אַנטקעגן
נ׳אָראָפּגעכאַפּט פאַר אים דעם הוט —
ס׳איז אים געוועזן גוט.
געטראָגן האָט דער טיש דער דעמבענער מיט פרייד עס
אַף ווייסע טישטעכער, אַף אויסגענייטע, קלאָרע;
עס האָבן אינדיקעס געפרעגלטע געריסן זיך אַף זאָגן איידעס,
און קאַרפּ געפילטער האָט מיט כריין מיט מעכטיקן געשוואָרן;
עס האָבן פאַנקוכנס געבליט,
מעלינצעס האָבן זיך צו יעדערן געלאַשטשעט,
און אַף שמועל־אַלעפס בליק
איז פון דער הויט געקראָכן שיִע דער פּריקאַשטשיק.

און שײַנע דער פּריקאַשטשיק האָט געסאַרווערט,
און שײַנע דער פּריקאַשטשיק האָט די הענט געווישט,
דער זעקס און נײַנציקער האָט אַף זײַן קאַרק געסאַרפּעט
מיט אײַנגעשטעלטע פּאַנטיקן געמישט.
ער האָט געוווּסט אַף אויסנווייניק, וויפל שטיקער פיש
מ׳האָט אָפּגעקאַכט געפּילטע
און וויפל מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש
און ווער — אַ קאָפּ און ווער — דעם וויידל ס׳וויל דאָרט.

ער האָט געברענט
און אַף קיין רעגע ניט געזעצט זיך;
געהאַלטן ט׳ער דעם גרײַצער אין די הענט,
געגעסן שטייענדיק — צום לעצטן
נ׳אַף בײדע זײַטן שטאָפּנדיק די בעק...
האָט זיך דאָס האַרץ פאַר טײַנעג אים געעקט:
— אַז ס׳וויל אַ ייִד זיך אַף דער עמעסן דערוואַרעמען,
באַדאַרף ער טרינקען יאַין־קאַרמעל.
אַרויס איז שײַנע דער פּריקאַשטשיק פון די קיילים,
ער האָט ניט אויפגעהערט צו אײַנלייגן די נאַכט:
— געזאָגט האָט ער — געזונט זאָל זײַן — מײַן באָכער מיילעך,
ער קאָן אַף אויסנווייניק האַלב טאַנאַך...
געקלאַפּט האָט ער אין האַרץ זיך און ניט אויפגעהערט צו שרײַען:
— נישקאָשע, שײַנע איז אַ דאַנקען גאָט נאָך שײַנע.

און ס׳האָט שמועל־אַלעף פאַר דער באָרד
זיך אַזאַ פײַערלעכן נעם געטאָן דאָרט,
אַ שאָקל זיך געגעבן ווי אין רויך;
גיט ליב געהאַט האָט ער
צו הערן שײַנעס קאָל אינדר׳הויך
באַם טיש,
ווען ער באַרימט זיך מיט זײַן נידעריקער זערע...
האָט ער פאַרקלערט
מיט דער פּאַטשיילע זיך געטאָן אַ וויש,
אַ טאַפּ געטאָן דעם בויך
דעם גאַרטל און דאָס אָנטאָן
און אָפּן אָרט
צו זײַן מעשאָרעס אויסגעגלאַנצט דעם שטערן

און פון די אויגן אָפּגעלאָזט אַ שפּריץ מיט פײַער:
— שײַע,
זאָל דײַן באָכערל אַרײַנקומען נאָך יאָנטעוו
מע וועט אַ שמועס טאָן פון טאַנאַך.
נ׳אָף שײַעס, פּרווו עפּעס צו טאָן אַ ברײַע
האָט ער דאָס מויל געטאָן אים אַ פאַרמאַך:
— כ׳בין זיך מעשײַער,
שײַע...
זאָל דײַן באָכערל אַרײַנקומען נאָך הײַנט באַנאַכט
און זאָל ער זיך ניט הייען.
שײַע.
זאָג דײַן באָכערל... מע וועט אַ רעד טאָן... שײַך?...

און שײַע האָט דעם גאָרגל לאָשנקוידעשדיק געריסן:
— אַקדאָמוים מילין וועשאַראָיִם שיסו
איידער איך וועל אָנהייבן צו שפּרעכן און צו שמועסן, —
און ס׳האָט איבער די קעפּ געשוועבט אַ שיסל נאָך אַ שיסל,
און בערד זײַנען געווען שוואַרצער פון דער נאַכט,
און ציַין זײַנען געווען שאַרפער פון די שפּיזן:
אַקדאָמוים מילין וועשאַראָיִם שיסו.
שמועל-אַלעף האָט געוואַרט,
דער הימל זאָל נאָך ברייטער עפענען דעם טויער,
געפרייט האָבן זיך יידן מיט שמועל-אַלעפס וואַלד
אַזויווי מיט דער טוירע
און מיט געטריף
איז מען אַרויס
און מיט געזאַנגען — אומגעהויער:
— דער וואַלד איז טיף
— דער וואַלד איז גרויס
און האָט קײַן גרונט ניט ווי די טוירע.

די סימכע ט׳זיך געטראָגן אָף אַ מײַל
מיט קוואָרטן ווײַן —
צופוסנס און צוקאָפּנס;
נ׳ווען יידן האָבן אינדערפרי אין וואַסער זיך געאײַלט,
ז׳שמועל-אַלעף געליגן שיקער און געכראָפּעט
די אויגן אַלע ווײַל אַ דריי געטאָן ווי בלײַערס

— שײַע.
זאָל דײַן באָכערל ... נאָך הײַנט באַנאַכט ...
מע װעט אַ שמועס טאָן ... פֿון טאַנאַך ...
— װוּ ביסטו, שײַע?
— שײַע? ...

.8

צו עזרעס טאַטן איז אין שטוב אַרײַנגעגאַן די זאָרג,
די אָרעמקײט און דער „האַזמאַן"
און עפּעס נאָך
אַ דאַרער יונגערמאַן
מיט װאָנצעס און פּענסנע,
מיט אויגן װײטיקלעך־צעפּלאַמטע,
און מיט אַזאַ מין אײדעלן באַנעם
פֿון אַ פֿאַרברענטן לאַמדן.

דעם קאָפּ מיט זײַנע אַקסל האָט פֿאַראײניקט
אַ בענדעלע אַ דינס אַזאַ, װאָס איז געגאַן דאָרט
פֿון גרױען הוט מיט שװאַרצע טרױער־ראַנדן;
זײַן פּאָנעם איז געװעזן דאַר און בײניק
נ׳די אויגן האָט געפֿלאַקערט — פֿיבער
נ׳אין בװעם־טאַש — אַן אײגענער פֿאַרפֿאַסטער כיבער.

ס׳האָט שטאָט אַף אים געזאָגט,
אַז באַ אַזעלכע קערט דער קאָפּ זיך איבער,
עס שמאַדן זיך אַזעלכע — האָט שטאָט געזאָגט — צום סאָף;
נאָר שטאָט האָט ניט געטראָפֿן.
דער קאָפּ האָט זיך אים בלויז געדרײט,
די האָר זײַנען זיך בלויז פֿון שאַרבן אים צעלאָפֿן;
די װאָנצעס האָט ער אײַנגעהאַלטן מיט די צײן,
מיט גיריקײט — דעם פֿיבער
און מיטן בוזעם־טאַש — דעם אײגענעם פֿאַרפֿאַסטן כיבער.
געכידעשט האָט זיך שטאָט און מ׳האָט געראַשט זיך
געדרײט האָט מען מיט אַקסל קלערנדיק און ברײַענד:
— פֿונװאַנען קומט אַזױנס צו שײַע דעם פֿריקאַשטשיק?
— פֿונװאַנען קומט אַזױנס צו שײַען?

באַם רעדן ט'זיך זײַן מויל געדרייט ווי צו אַ ביס
און אויסגעזען האָט אַקוראַט ער,
ווי אויסגעפּיקט וואָלט ער זיך פון אַן אינקובאַטאָר,
כאָטש יעדער איינער האָט געקאָנט זײַן טאַטן,
כאָטש יעדער איינער האָט געדענקט זײַן בריס.

ס'האָט אָפּגעראַשט זײַן בריס אונטער אַן אַלטן בוידעם,
אין אַלקער אין פאַרדומפּענעם מיט שרעק,
די נויט האָט זיך אין וויגעלע געהוידעט,
און ס'האָט די שטוב צום וועג אין פּאַכאַד זיך געשטרעקט;
און דאָס האָט שײַע אָנגעטאָן אַן אָל זיך,
פון לעצטן, קאָסטן זיך געלאָזט —
געגרייט זאָל זײַן באַ אים אַ מאָלצײַט,
ווי באַ אַ שיינעם באַלעבאָס.
עס האָט אַ גאַנצע גאַס אָרעמע-לײַט זיך דאָרט געקריגט,
פאַרוואָס מע הייבט ניט אָן, פאַרוואָס מע ציט זיך —
און ייִדן זײַנען אומגעלאָפן הין און צוריק,
און ייִדן האָבן זיך געדונגען פאַר מעציצע,
און ווער ס'זאָל האַלטן ס'קינד פאַר די הענט,
און ווען אָנקומען ס'זאָל קיבעד סאַנדעק.
געקראָכן מ'איז ווי פון דער פּענט
אַז ס'זאָל ניט אָנגערירט זײַן קיינעמס שטאַנד דאָרט ;
און אומעטום האָט אומגעדולד געפּלאַטערט
און אומצופרידנקייט געשפּאַרט האָט יעדער ווײַל
וואָס אַלע וואַרטן אַף שמועל-אַלעפן דעם קוואַטער
און שמועל-אַלעף האָט דר'היים זיך ניט געאײַלט.

געפּאַכעט האָבן בערד איבער דער שטוב
אַרומגעשוונדענע פון טאַבעק און פון צײַט ;
מ'האָט זיך געשטופּט
מיט גלאַנץ פון לאַסטעקענע קאַפּעטעס און זײַד —
ס'האָט יעדער זיך באַמיט
דאָס אָרט באַם אַנדערן פאַרכאַפּן ;
נ'אַז ס'האָבן זיך דערהערט שמועל אַלעפס טריט,
האָבן באַ אַלעמען ווי ליכט זיך אָנגעצונדן די שוואַרצאַפּלען.
באַ איינעם האָט דאָס כאַלאַטל געטאָן אַ פּלאַקער,
און איינער האָט אַ פּאַסעק שוין געברומט

און ס'האָט געזעצט אַ פּאַרע פון די האַלדז־און־נאַקנס,
פאַרוויקלטע מיט טיכלעך און פּאַטשיילעס אַף אַרום,
פאַרוואקסענע מיט פלאַקסן ביז די אויגן
און אָנגעפּאַלדעוועט מיט קנייטשן און פאַרבראַט.
אַ יעדער מויל האָט זיך דאָרט ציטערדיק געצויגן
צום ווערצעלע פון אויסדערוויילטקייט בּאַ גאָט,
און ס'האָט געבריט און ס'האָט געברענט,
מ'האָט נאָך דער מיצווע בלוטדאָרשטיק געלאָקערט,
עס זיינען קעלישקעלעך געגאַן פון הענט צו הענט,
און האָניק־טייג האָט זיך גערינען אַף כאַלאָקים, —
ס'האָט שוין דאָס כאַלאַטל געטאָן אַ בלי —
ווי שפּינוועבס האָבן זיך די פּסוקים שוין געוועבט דאָרט;
געלעגן איז דאָס קליינע נעפעשל נאָך בלינד
מיט וויעלעך פאַר שיין פאַרקלעפּטע;
מ'האָט עס אַף שפּרוך דאָרט שאָקלענדיק געשמאַלצן
און פון ניט־גוטע — אייזן־פעסט געהיט,
און ס'איז געגאַן געהיימניספול דער מאַלציייט.
אַריינגעאָטעמט מ'האָט דעם נעפעשל מיט שפּרוך און וויין, —
ס'זאָל זיין אַ ייִד,
מע זאָל עס האָבן פיינט,
ט'זאָל דינען גאָט
און זיין
צו שאַנד און שפּאָט.

דערנאָך ז'דאָס קינד געגאַן פון הענט צו הענט,
דער שרעק האָט זיך אין ווינקל ליידיקן געוויגט,
געטראָגן האָט אַן איינגעהאַלטן כליפּען
דורך דער וואַנט זיך, —
אין שרעק געוויינט האָט דאָרטן די געווינערן
און ס'האָט דאָס מילע־בלוט געברענט
צווישן ווייסע בערד און וואָנצעס
אַף אַלטע אָפּגעוועלקטע ליפּן —
מ'האָט מיט דער מיצווע זיך געקוויקט
וואָס אָנגעשפּאַרט האָט ביז אַוראָם־אָווינו...

אין אַכצן יאָר אַרום
האָט ס'נעפעשל געהייסן מיילעך נעפעש.

געגאַנגען איז ער אויפוועקן דעם שטאָלץ און רום,
וואָס איז פון לאַנג בייסוילעמדיק געווען פאַרשלעפּערט;
ער האָט דערצו זיך אָנגעטאָן אַ פּעלערין
אַ קײַלעכיקן הוט מיט אומגעהערטע ראַנדן
די אויגן — פיבערדיק און גרין
און שטענדיק האָט אַ בוך באַגלייט אונטער דער האַנט אים.

.9

איז ער געגאַנגען אויך צו עזרעם טאַטן — צו שמואל-בּיים, —
ער איז געגאַן מיט פּסוקים הייליקע גלײַך, ווי מיט פּיִאָווקעס,
זיי אָפּשטעלן שמועל-בּייסן אַלע וואָך — אין שוויים,
ווי צו אַזאַ מין אומגעהערטער שלאָפקייט.

ער האָט זיי ווי אַ רויפע אַ געניטער
אים אָפּגעשטעלט אַרום דעם האַלדז,
אַרום דעם מויל
אַרום דעם אָרעם מאַזל זײַנס, דעם ביטערם
און אַרום אַלץ
וואָס ס'האָט זיך נאָר געקאָנט אַנטבלויזן הויל —
ער האָט די פּסוקים אָפּגעשטעלט אים, אַז זיי זאָלן ציִען
די לעצטע פּרוטעס
פאַר דער פאַרזעסענער אַלמאָנע ציִען.

און ס'איז שמועל-בּיים געזעסן בּאַ דעם טיש
אַביסל אָנגעבויגן,
אַ קאָפּ פון הערינג איז געלעגן אָפן טיש
אַן אויסגענאָגטער ביז די אויגן
און האָט געקוקט אָף שמול-בּייסן מיט אַזויפיל טויטן אומעט
און מיט אַזאַ מין טויטן אויסזיכט.
און דוכטן האָט שמועל-בּייסן זיך גענומען,
אַז ס'הילכן נעפּעשם פּסוקים שטום פון אים אַרום זיך...
פון דעם הערינג-קאָפּ די פּסוקים הילעכן אַרום זיך...

עס האָט שמועל-בּיים דאָס אָרעם-ברויט געקײַעט
און ניט געוווּסט, אָף ווען זאָל ער האָבן האָס דאָרט
נ'צו ווען זאָל ער זײַן פאַרטרויט;

דאָס זעלצערל ז׳געשטאַנען אין אַ זײַט
דאָס זעלצערל ז׳געווען צעטראַסקעט —
ס׳האָט זיך דורך דעם די אָרעמקייט געזײַעט
און אויסגעזען ס׳האָט ווי אַ גלעזערן צעטראַסקעט אויג...
נאָר אַלע ווײַלע האָט שמועל-ביים צו זיך אַליין
געטאָן אַ פּינטל מיט דער ברעם
ווי ס׳וואָלט אים אַלע מאָל דאָס האַרץ פאַרקלעמט
ביז טיפן גרונט, —
ווי בלויז מיט איינס וואָלט ער דאָ מאַסקים ניט געווען,
וואָס אין אַ צײַט אַרום
וועט פון אַ טיש אַזאַ מין — אויך אַף עזרען
זיך אײַנקוקן אַן אויסגענאָגטער קאָפּ פון הערינג,
און ער וועט אויכעט גאָרניט נישט פאַרשטיין
און זיך צו גאָרניט ווערן
און בלײַבן וועט ער אויך — פאַרלאָזט,
אַליין...

ס׳איז עפּעס אַ געשוואָלנקייט געגאַן פון דעם צעטראַסקעטן גלאָז.
האָט ער געקוקט און גלײַך ער וואָלט געזאָגט אַף דעם:
— ס׳איז קליין
און ווי אַן אויג
ס׳איז רונדיק
און ס׳האָט געקלעקט אַף אויסזאַלצן אים אַלע זײַנע ווונדן...

אַז דורך דעם קליינעם זעלצערל האָט אויסגעזען זײַן אָרעמקייט אַזוי,
ווי ס׳וואָלט געווען קראַנק די גאַנצע שטוב אַף שקראָפּל
און ווי געליטן וואָלט דאָס גאַנצע לעבן דאָ אַף שקרופעל
און ווי געגאַנגען וואָלט ער דאָ אין שטוב שוין זייער לאַנג
אַן אויפהער
— געשוואָלן און באַרופן...

איז האָט שמועל-ביים אין שטילער זאָרג
פון שלינג און שלאַנג
דאָס אָרעם-ברויט געקײַעט
דאָס מויל געווישט
און צוגעדעקט עס מיט די הענט,
ווי ער וואָלט זיך געשעמט;

געבעטן נעפעשן צום טיש,
געמאַכט אַן אָרט:
— אַט דאָס איז אים ניט שווער
און דאָס איז ער מעקיַים...
געקוקט אַראָפּ אַף זײַן פאַרוועלקטער באָרד
און אַף דעם פיבערדיקן מענטשן
ס'האָט אים געברענט די הויט,
און ניט געוווּסט האָט ער,
צי אָנהייבן פון ברויט
צי אָנהייבן פון בענטשן...

נ'אַף אַלע נעפעשס פלאַמיקע געהיילן
האָט שטיל שמועל־ביים געשאָקלט מיטן קאָפּ
אַ יעדער ווײַלע
און אַלץ געקוקט אַראָפּ
נ'צום סאָף אַ הייב געטאָן די הענט שוין
און אים אַ פרעג געטאָן אַזאַ פאַרטראַכטן:
— צי איז אַ ייִד מעכויעוו בענטשן,
ווען ס'האָט קײַן זעט די סודע ניט געבראַכט אים?
געוועזן זײַן בליק איז בייז און גלאַזיק,
נאָר אָפּגעהיט זײַן קאָל האָט גרויסע אַכטונג —
עס שטייט בעפיירעש דאָך אַ פּאָסעק:

— „ועסאָוואָטאָ אווואָראַכטאָ".
און מיילעך נעפעש האָט זיך אַלץ געמיט,
מיט אַלטע פּסוקים אים באַלייגט — זיי זאָלן ציִען
פונעם פאַראָרעמטן געמיט
פאַר דער אַלמאָנע ציִען...

.10

בּאַ שמול־אַלעפן אין זאַל
ט'געבלעטערט מיילעך נעפעש דעם „האַזמאַן".
נ'געוואַרט ס'זאָל מיטאָק אָפּעסן שמועל־אַלעף.
אַ יעדער ווײַל האָט ער געטאָן אַ שפּאַן,
אַ יעדער ווײַל ט'ער זיך אַ הייב געטאָן פון זאַל אויף...

שוין וויפל מאָל האָט ער געוואָרט
אין דעם אַ זאַל אין דעם גערוימען
אַ שמועס טאָן מיט שמועל־אַלעפן אַ ברייטן פון טאַנאַך
אוכדוימע...
און יעדעס מאָל געשטערט האָט מען די זאַך,
אויב ניט דערגאַן עס איז נאָך צו אַזאַ מין טרעפונג —
מע זאָל אַ שמועס טאָן פון טאַנאַך
אַזוי ווי ס'ווילט זיך אים — שמועל־אַלעפן מיט מיילעך נעפעש...

דאָס זאָגט מען, אַז שמועל־אַלעף איז נישטאָ,
און דאָס איז ער מיט עפּעס זייער שטאַרק באַשעפטיקט;
האָט ער געוואָרט און מיט פאַרדראָס זיך וואַרטנדיק געשטאָפּט
און צוגעהערט צו יעדן שאָרך זיך זייער העפטיק.

ס'האָט אים דער רייעך פון געריכטן ניט געלאָזט,
ווי ס'דאַרף צו זײַן, אַדורכקוקן די צײַטונג;
ס'האָט אים קימאַט געשווינדלט אין דער נאָז:
— ווי ס'קאָן אַ פּראָסטער מיטאָק אָפּשמעקן באַ לײַטן.
און דורך דעם בלאַט און דורך די ווענט
און דורך די סאַמע לעצטע נײַסן
האָט ער געזען, ווי ס'שוועבן דורך פילמיסקעס אַף גראָבע הענט,
ווי אויפגעדעמפטע פליגלדיקע שפּײַזן
און געריכטן;
ס'האָט אים דער קאָפּ אַזש אָנגעהויבן ווײ טאָן
און זיך ניט ווילנדיק געגעבן אַ דערמאָן
אין אָרעמאַן
און שמועל דעם צווייטן.
אי זער געזעסן און געזויגן דעם „האַזמאַן",
ווי אַזאַ צען מאָל אויסגענאָגטן ביין
געוואָרט, ס'זאָל אָפּעסן דער באַלעבאָס
און אים אַרײַנרופן אַליין.

נאָר ס'האָט זיך דאָרט שמועל־אַלעף ניט געאײַלט
און ניט פאַרלאַנגט האָט ער, שמועל־אַלעף, אָפּכאַפּן דעם מיטאָק
אַזוי גענאַרנדיק און לײַ־באַ־לײַ
ווי ס'דאַוועגען, ווען ס'קומט אים אויס אין מיטן.
געזעסן איז שמועל־אַלעף באַ דעם טיש,

געזען, ווי ס׳גייט פון גאַס און פון דער קיך די זיסע גאַב אים
דאָס מויל געטאָן האָט ער זיך אַלע מאָל אַ וויש
און אין די קלעפּעדיקע פּולקעס זיך אַריינגעגראָבן —
דעם קאָפּ — אַ ביסל אין אַ זײַט,
און פון דער זײַט — אין מיט,
און ניט געקאַרגט קיין צײַט
און ניט געקאַרגט קיין מי,
נ׳מיט אַלע קויכעס ט׳ער דעם שמעקנדיקן מאַרך געזויגן,
עס האָבן זיך די אָדערן אים אויפגעזעצט ביז שוויס,
מיט גלאַנץ פאַרגאָסן איז געווען די באָרד, די נעגל און די אויגן, —
ער האָט געגנאָגט אַקשאָנעסדיק און הייס
אַ יעדן ביין — פון אינעווייניק און פון דרויסן,
און — דורך אַף דורך
און נאָך אַ מאָל — געטרײַ,
דורכויסיק,
אַז פײַפן אָנגעהויבן האָט אַ יעדער ביין אין מיטן, —
ס׳האָט זיך שמועל-אַלעף קיינמאָל ניט געאײַלט באַם מיטאָק.

און אַפן ערשטן שלוקערץ,
וואָס ס׳האָט דאָרטן דערלאַנגט שמועל-אַלעף,
איז מיילעך נעפעש פונדאָסניי געוואָרן וואַך,
עס האָט אים אַזש אין קאָפּ געגומען צוקן:
— אָט איצט וועט מען אַ שמועס טאָן פון טאַנאַך.
איז אויפגעעפנט האָט ער דעם „האַזמאַן"
ווי אַזאַ אויסגעניטן פאַראַסאָל
און זיך אַ לאָז געגעבן ביז צום פאַלן
מיט זײַנע אײַלנדיקע שפאַן,
מיט אַלע זײַנע נײַס פון ערעץ-יִיסראָעל
און איז געגאַן
אַרויסגאָרגלען, וואָס ס׳טוט זיך
איצט אין הייליקן קענאַאַן.
נאָר צוליב הויכן פשאַט,
ז׳אים אײַנגעפאַלן פלוצעם.
באַדאַרף מען אָנהייבן פונעם באַלקאַן,
— ס׳אַ סוואָרע — ט׳ער אַ הוסט געטאָן, ווי עפּעס וואָלט אים
דאָ פאַרשאַט,
אַז כמאַרעס רוקן זיך שוין אַן אָפּן באַלקאַן...

אָט האָט איר עס אַפן „האַזמאַן"...
און גלײַך דערפילט אַז אָנגעהויבן האָט ער ניט פון דאַן,
נאָר צוריק — קיין שפּאַן.
— באַלקאַן? — זאָגט איר — האָט אויסגעשטרעקט שמול־אַלעף
אים די האַנט,
פונקט ווי ער מאַכט זיך ערשט מיט אים באַקאַנט
און אַף אַ שלוקערין — זיך אַליין אַ זאָג געגעבן: — שאַט.
— וואָס איז שוין ווידער דאָרט אַפן באַלקאַן?
— ס'איז טאַקע דאַ פאַראַן
אַפן... „האַזמאַן"?

נ'אַז מיילעך נעפּעש האָט צום טויזנטיקסטן מאָל
שוין מיט אַן אויסגעטרוקנטן מויל
זיך אָפּגעלאָזט אין אַ געבריי
און ווערט — הויל
און ווערטער — טריי
מיט ציין־קאַסטנס געגומען מאָלן,
אַז ייִדן זיינען זיך מעכויעוו לאָזן קאָסטן געלט,
און איבערטראָגן דאַרף זיך יעדער ייִד קיין ערעץ־ייִסראָעל די ביינער
פונקט ווי פון מיצראַיִם,
און אויפגעשטאַנען איז פונסניי מוישע ראַביינו,
און קיינער טאָר ניט זיין פאַרפעלט,
און געבן יעדערער באַדאַרף צושטייער, —
האָבן די אויגן זיך שמול־אַלעפן פאַרגלאַנצט צו יענער וועלט,
ער איז געוואָרן דורכזיכטיק און צאַרט,
פאַרצויגן האָט זיך אים ס'געזיכט מיט טרויער און מיט צאַר,
ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ נ'זיך צוגעשאַרט אַ באַר,
געענטפערט נעפּעשן באַטראַכט,
צעשניידנדיק די באַר
בענימעס, און פּאַוואָליע:
— איר קענט טאַנאַך...
מע זעט עס גלייך.
דער ניצעיץ האָט זיך, כאַסכאָלילע ניט געפעלט,
אַזעלכע ווי איר באַדאַרף מען איצט אַ סאַך,
און ס'איז פאַראַנען ווייניק...
ס'איז נאָר אין דעם די זאַך:
כ'פאַרשטיי אַביסל ניט דעם פּשאַט,

וואָס ער — מוישע ראַביינו —
האָט אַרויסגעפירט די ייִדן פון מיצראַים
אָן אַ גראָשן געלט,
און איר האָט זיך פאַר דעם אַ שיינעם פּרײַז אַוועקגעשטעלט . . .
און איר, קומט אויס, — איר הייסט זיך גאָר דערפאַר באַצאָלן . . .

געוואָרן מיטאַמאָל איז שטיל און שאַ,
ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם לעצטן שלונג פּאַוואָליע ;
דערלאַנגט אַ הוסט, ווי עפּעס וואָלט אים דאָ פאַרשאַט,
און שטיל אַ נעם געטאָן מיט ביידע הענט פון טיש דעם קאַנט :
— איז וואָס־זשע עפּעס ווידער דאָרט . . . אָפּן באַלקאָן ?
ס׳איז טאַקע דאָ . . פּאַראָן . . .
אָפן „האַזמאַן" ?

.11

פון דער געמאָרע איז שמועל־בייסן אַלץ געווען באַקאַנט.
ער האָט געקאָנט אַ וואַנט
צונויפפירן דאָרט מיט אַ וואַנט
געוווּסט האָט ער דעם דין פון זײַען לאַנד,
פאַרשטאַנען אויך די זאַך פון בויען הײַזער
דעם זײַגער איבערדרייען אַלע מאָל די ווײַזערס
ער האָט געהאַט פאַרשטאַנד
און אויסגעטראַכט אַליין אַ קלעמערל אַף כאַפּן מײַזלעך.
אַ גערשטן אַף אַן אויג האָט ער געקאָנט פאַרהײלן מיט אַ פײַג
און מיט אַ צוגעברוינטער ציבעלע — אַן אויסגעלענקטן פוס
און אַנדערע פאַרשיידענע רעפוּעס
פון דער כאָכמע דאָקטערײַ ;
דאָס גלײַכן
אויב עפּעס האָט פּאַסירט
מיט אַ באַלכײַ
געדינט האָט די געמאָרע אים געטרײַ
מיט פרײַ זײַן
און מיט פּענט
געמאַכט האָט זי פון אים אַ קײַסן
אַזאַ, וואָס ברענט,
אַזאַ, וואָס טאָג ווי נאַכט פאַרטאָן איז ;

נאָר ייִדן האָבן זיך צו אים געווענדט,
ווי צו אַזאַ, וואָס ווייסט זאַקאָנעס.

ער האָט געקאָנט אַף אויסנווייניק אַלע דינים,
אין יעדן אומגליק ז'ער געווען אויסגעקאָכט;
נאָר ברויט ט'ער ניט געקאָנט פאַרדינען
און ניט געקאָנט זיך האַלטן אַף אַן אָרט.
ער האָט מיט באַלעבאַטים שטענדיק זיך געקריגט
און פון דעם קריג איז ער אַרויס אַן אָרעמאַן.
דערפאַר האָט ער אַף אַלץ זײַן אייגענעם פאַרשטאַנד און בליק,
און זײַן פאַרשטאַנד און בליק געווען אים קלאָר איז.
אַזוי איז ער זיך מיטן סייכל מיטן אייגענעם דערגאַן,
אַז מען באַדאַרף אַ קייסער אויכעט אַף קאַפּאָרעס.

אין עפּעס האָט ער אויך זיך ניט געגלײַכט מיט גאָט —
דאָס אויך מיט אייגענע געדאַנקען איז דערגאַן ער,
גערופן האָט מען אים דערפאַר אין שטאָט
— רעפּובליקאַנער.
די אָרעמקייט האָט זיך מיט אים געבאַלעוועט
און ניט אַרויסגעלאָזט האָט זי אים פון די קלעמער;
צום סאָף איז ער שוין צו שמועל־אַלעפן
געגאַנגען דינען פאַר אַ נעמען.

ער איז אַוועק אין וואַלד
אַף אָפּהיטן שמועל־אַלעפס גיטער און פאַרמעגן,
ער האָט געקוקט, געקרעכצט אונטער געזאַנג פון זעגן;
ער האָט אַ יעדן בוים באַטראַכט
און אויסגעמאָסטן אַפן אויג די גרעב אים,
און אויסגעמאָסטן אַפן אויג די פּראַכט,
און אויסגעמאָסטן אַפן אויג דאָס גאַנצע לעבן,
און אויסגעקרעכצט ער האָט
אין וואַלד אונטער געזאַנג פון זעגן:
— ווי שעמסטו זיך ניט, גאָט,
דאָס אַלץ באַשאַפן פאַר שמועל־אַלעפס וועגן?

ער כאַפּט קאַיאָר זיך פון געלעגער אויף
און לויפט אַרויס אין וואַלד נאָך אַן דעם אָנטאָן,

פונקט ווי די פייגל וואָלטן אים געטאָן אַ רוף,
ווי אָנהייבן אָן אים זיי וואָלטן ניט געקאָנט דאָרט,
ער אויך זאָל אַף אַ בוים — מיט אַלעמען אַרויף.

איז ער אַרײַן
אין אינדערפרי
— אַ צוויטשערײַ,
און אַ געפּלי,

און אַ געזאַנג,
און אַ געפּאָך

מ׳האָט ניט פאַרזאַמט,
און ס׳קומען נאָך.
ס׳פאַרכאַפּט דער טאָג
אַ יעדער אָרט,
און פויגל — דאָ,
און פויגל — דאָרט,

און ווער — אַ הייב,
און ווער — אַ צי
דורך גאָלדנשטויב
אַף הין און צוריק.

גלײַך ווי מע רײַבט
אין קאַניפאָל
די מײַלער אײַן
אַ יעדעם מאָל.

דער דרויסן — בלוי,
און קלאָר — די ווײַט,
און בוים צו בוים
און צווײַג צו צווײַג —

זיי גייען אויף
ווי נ׳אַ קאָנצערט
אַ יעדער פרוווט,
און יעדער הערט,

און יעדער גרייט
מיט זיסער שטים
אַזאַ מין פרייד
אַזאַ מין הימן.

אַזוי־אַ פרײַ
און אַ צעלאָז —
פון אַ באַלכײַ
ביז צו אַ גראָז.

און פון דער טיף
און פון דער לופט —
דער קישעף טריפט,
דער קישעף רופט.

און רירט אים אָן
פאַרגאַפט און הייס
און גיט אַ בלאַנק:
— ס'איז גוט, שמועל-בייס?

און אַז ער גיט זיך עם די הענט אַ וואַש
אין יונגן טוי
און אַ פאַרטרונק מיט ראַש
נ'דעם וואַלד אין זיך אַ זויג.

און אַז סע געבן מיט געזאַנג זיך אַ צעלאָז די זעגן,
און זון אַף ווײַטקייט גיט אַ בראָט,
דערלאַנגט ער יעדן בוים פונסניי דאָרט אַ באַטראַכט,
און מעסט זיך אַפן אויג דאָרט אוים די גרעב אים,
און מעסט זיך אַפן אויג דאָרט אוים די פראַכט,
און מעסט זיך אַפן אויג דאָרט אוים דאָס גאַנצע לעבן,
און מיט אַן אויפגעבראַכטן בייזן טראָט
פאַרווילט זיך ווידער געבן דאָרט אַ פרעג אים:
— ווי שעמסטו זיך נים, גאָט,
דאָס אַלץ באַשאַפן פאַר שמועל-אַלעפס ווענן?

.12

אַ פּאָלנער ייִד באַטײַט האָט באַ שמועל־בייסן
אַזאַ, וואָס גרייט צו טראָגן איז די זאָרג פון נויט.
און דאָס האָט פאַר זײַן הויזגעזינד געהייסן,
אַז אָנגעקומען איז די צײַט,
ווען עזרע דאַרף זיך גיין פאַרדינען ברויט
און אויך זיך נעמען אָפּקומען טאַנייסים.
צו דרײַצן יאָר — ווער קאָן אינדר׳היים נאָך זיצן?
צו דרײַצן יאָר — פאַרזוכן קומט דעם טאַם פון שוויים.
נאָר ס׳האָט שמועל־ביים
אין טרויער זיך געטרייסט,
און דאָס באַטײַט
באַ ייִדן — אַ באַר־מיצווע.

ס׳איזווינטער־צײַט געווען אין דרויסן,
פאַרקאָוועט איז די שטאָט געווען אין פרעסט.
— ווער ווייסט, וואָס בייזע ווינטן זײַנען אויסן,
ווען יעדער שטיבעלע זעט אויס ווי אַ פאַרשנייטע נעסט?
ווען דורך די הוילע אויסגענאָגטע שויבן
די שײַן די אָונטיקע טריפט ווי אַ געוויין;
עס האָבן ווײַטן זיך אין עפּעס אײַנגעהערט ווי טויבע,
און ניט געקאָנט דער ראַש דערלאַנגען האָט צו זיי,
די שטאָט האָט נידעריקער אָנגעהויבן אויסזען,
און צו דער ווינטער ווײַטקייט ז׳ניט געווען קיין ברעג.
— ווער ווייסט וואָס בייזע ווינטן זײַנען אויסן,
ווען ס׳איז אַ שטאָט באַלייגט מיט אומעט און מיט שרעק?
ווען ס׳גייט פון שטוב צו שטוב דער פאַכאַד ווי צו קרויווים,
ווען ס׳גייט פון שטוב צו שטוב צו גאַסט די נויט,
און ס׳קאָן אַ נאַכט זיך ניט דערוואַרעמען דער אויוון,
און ס׳קאָן זיך ניט אין לאָמפּ אַרויסדרייען דער קנויט, —
איז אין אַזאַ מין נאַכט
געהאַלטן האָט שמועל־ביים׳ מישפּאָכע זיך אַן אייצע,
עס האָט דאָס גאַנצע הויזגעזינד באַטראַכט,
און ס׳האָט אַ ווינט דאָרט קרעכצנדיק באַגלייט זיי —
געזעסן איז שמול־ביים באַם טיש — דעם קאָפּ געדרייט,
זײַן ווײַב ט׳געשפּאָלטן באַ דער הרובע סקאַלקעס דינע,

און דער באַר־מיצווע — אינדערמיט. עס איז געגאַן אַ רייד:
— באַ וואָס וואָלט ער, אַ שטייגער, עפּעס וואָס געקאָנט פאַרדינען?..

פון ביידע זייַטן שטאָט גערימען האָבן זיך אינדער'הויך
אַנטקעגן הימל גרויזאַמע און בייזע טרויבן,
אַדורכגעשמועסט זיך מיט שוואַרצן רויך,
זיי האָבן שטאָלץ, נימ־צוטריטלעך פון אויבן,
זיי האָבן פון דער הייך זי אויסגעקוקט די שטאָט
די דערפער און די געגנט אַף אַרומען,
געמאָסטן און געטיילט און זיך געשטאָפּט,
און יעדע האָט זיך אירס פאַרצויגן און פאַרנומען.
אַף זיבן ווערסט האָט אָפּגעטיילט זיך איינע פון דער צווייטער
און יעדנס שילד געשריגן האָט אַף זיבן מייַל;
ברוקירטע וועגן אין דער לענג און אין דער ברייט דאָרט
געלייגט האָבן זיך נידעריק און זיך געאייַלט
צו ווייַזן יעדער פור און יעדן וואָגן
צו ווייַזן יעדן אָנגעקומענעם פון ערגעץ ווייַט:
— צום פאַיאַנס־זאַוואָד — באַדאַרף מען דאָ גיין
— צו דער פאַפּיר־פאַבריק — אַביסל אין דער זייַט.

נאָר ס'האָט שמועל־ביים געוווסט דעם וועג צו ביידע,
דאָס אויג ער גיט אַ קניטש און זעט זיי קלאָר;
ער האָט דאָרט, ווי באַ לאָוענען, געטרייַ און פריידיק
אָוועקגעפּאַטערט זיבן לעבעדיקע יאָר.

זיבן ווינטערס האָט דער שניי געלייגט זיך אַף די בלאָטעס,
און אַף זייַן קאָפּ האָט זיך דער שניי געלייגט דערנאָך;
ס„האָט שטאָט אַף זיי געלערנט זיך צום ערשטן מאָל אַ טראָט טאָן,
ער האָט דאָרט אויך פאַרפרווווט צום ערשטן מאָל דעם יאָך.
ער האָט דאָרט זיבן יאָר פון זייַנע לונגען אויסגעליידיקט
און פונקט אַזוי וי צו דער פאָר, —
האָט ער אַהין אַצינד זייַן עזרען צוגעגרייט דאָרט
צו די באַר־מיצוועדיקע דרייַצן יאָר.

ערווישט די ווינטערדיקע נאַכט אַראָפּ זיך פון די שויבן,
דער בוידעם ניורעט זיך אונטערן דאַך און פרירט,
און זאַווערוכעס יאָגן זיך אַף העפקער־וועגנס טויבע,

און ס׳איז אַ שרעק צו עפֿענען די טיר.
איז מיט אַ האַלבן מויל
האָט שטיל די מוטער זיך געבעטן בא שמואל־בייסן:
ער איז אײַנגאַנצן נאַקעט דאָך, ער איז דאָך הויל, —
איז עפּשער וועט מען וואַרטן ביז נאָך פּייסעך.
די פֿרעסט זאָלן אַראָפּ און ס׳זאָל ניט זײַן אַזאַ מין קעלט,
מ׳עט עפּשער אָנטאָן עפּעס אַפֿן לײַב אים...

נאָר אַ פֿאַרשלאָפֿענער געקוקט האָט עזרע צו דער שוועל,
נאָר עזרען האָט זיך ניט געוואָלט אין דר׳היים פֿאַרבלײַבן...
געשמייכלט האָט צו אים דאָס זײַן אַליין פֿאַר זיך,
דאָס ווערן פֿון דער העלער הויט אַ גרויסער.
ער האָט געפֿילט, ווי ס׳גיסט זיך אָן אין אים געוויכט,
און אַנדערש ט׳אים גענומען אָנקערן דער דרויסן.
אים דוכט, אַז ס׳קער אים שוין דער אינדערפֿריִענדיקער פּײַף אָן,
וואָס וועקט אין מיטן נאַכט פֿון שלאָף אַ האַלבע גאַס.
ער האָט זיך גלײַך דערזען צווישן הויכע מאַליאַרעס און שלייפֿער,
און אין דער היים איז אַן אָנגעלייגטער גאַסט...
ער האָט זיך גלײַך דערזען אין אונטערשטאָטעדיקע ווײַטן,
דעם שניי און בלאָטע אַפֿן וועג מיט אַלעמען ער קנעט,
און ווי אַ גאַס אַ גאַנצע מיט די פֿינגער טײַטלט:
— עס גייט שוין עזרע פֿון זאַוואָד. שוין, ווײַזט אויס, שפּעט.
און ס׳האָבן אַפֿן שניי געלייגט זיך ערשטע טריט
פֿון עזרעס אָנגעהויבן לעבן;
דער פֿראָסט האָט זיי געהאַרטעוועט און זיי געגליט
און זיי געאײַלט און מונטערקייט געגעבן.

מ׳איז אויפֿגעשטאַנען גאַנץ קאַיאָר,
מ׳האָט נאָר אַזוי זיך שולדיקלעך געטאָן אַ פֿאָרע
ניט צו פֿאַרזאַמען אַף אַ האָר
און אויך אַן איבעריקע טרער דער מאַמען
צו פֿאַרשפּאָרן,
און מ׳האָט פֿאַרלאָזט די היים,
און מ׳האָט זיך צו דעם פֿאַיאַנס־זאַוואָד געלאָזט אין צווייען
אַף פֿרישן שניי
אַף ניט־געריִרטן נאָך און קלאָרן.

אָט שפּרייט ער זיך דער וועג — אַ פּראַסטיקער, פֿאַרשנייטער,
באַגראָבן ליגן אונטער אים דאָרט טעג ווי בראָך;
ס׳וואָלט יעדער שטיין געקאָנט, באַגעגענענדיק אים, אַ געשריי טאָן:
— שמול־ביים, דו פֿירסט דעם זון? און וועמען נאָך?

פֿאַרבונדן מיט אַ שאַלעכל די מאַמע האָט דעם האַלדז אים,
אים מיטגעגעבן ווי אין שול אַ שטיקל ברויט,
ד׳ער שניי האָט אַפֿן וועג געטרייַ עם אים געזאַלצן,
דער ווינט האָט נאָכגעיאָגט און עפּעס אים פֿאַרטרויט...
כאָטש ס׳איז געווען אַ פּראָסט, נאָר ס׳האָט שמועל־ביים געשוויצט —
ניט אַנדערש נאָר ווי נעם צעשפּיליע זיך דעם טיזלעק;
עס האָט פֿון גאָרגל אים געשפּאַרט אַ קראַנקע היץ,
ווי אַלע מאָל, ווען ס׳קומט דער כוידעש קיסלעוו.
נאָר ס׳האָבן אַפֿן שניי געלייגט זיך ערשטע טריט
פֿון עזרעם אָנגעהויבן לעבן;
דער פּראָסט האָט זיי געהאַרטעוועט און זיי געגליט
און זיי געאײַלט און מונטערקייט געגעבן.

ד׳עם פֿאַיאַנס־זאַוואָד האָט זיך שמועל־ביים געפֿילט אַלײן
אַ שטיקל אייגענער, אַ שטיקל קאָרעוו:
די לונגען אויסגעשפּיגן מיטן האַרץ אין איינעם
האָט ער נאָך דאָרטן באָכערווייַז באַם טראָגן זאַמד
און ליים
און שטיינער.
איז האָט שמועל־ביים זיך ניט געזאַמט,
אַף גיך אַוועקגעפֿירט דאָרט עזרען פֿון דער היים
און באַ דעם טויער אַף אַ ווייַל געבליבן שטיין נאָך...
ס׳האָט אונטער טריט אַ סקריפּ געטאָן דער פּראָסט,
מיט טומל איז דער דרויסן זיך צעוואַקסן —
עס האָבן קינדער זיך פֿרימאָרגעדיק געטאָן אַ לאָז
מיט רענצעלעך און ביכער אַף די אַקסל.
— דאָס גייט מען שוין געווים אין שול דאָרט, —
האָט זיך שמועל־ביים אַ טראַכט געטאָן, ווי דורך געוויין:
— מעגלעך, אַז אַ טאַטע ז׳שולדיק,
מעגלעך — גיין...

געשפּאַרט האָט זיך אַ ראַש פרימאָרגעדיק און העל,
און שטיקער פלאַם פון טרויב געפלויגן זײַנען בליציק;
האָט עזרען דאָרט שמועל-ביים געגעבן אַ פאַרשטעל:
— דאָ דאַרף מען, עזרע, זייער שטאַרק געהיט זײַן.

נאָר ס׳האָט אַ כוואַליע טומל זיי געגעבן אַ פאַרצי דאָרט,
נאָר ס׳האָט דער טויער אונטער זיי פאַרשפּאַרט זיך מיטאַמאָל.
געדוכט האָט זיך שמועל-בייסן ,אַז ער ציטערט,
כאָטש אַלץ ז׳איז נאָך געווען באַקאַנט דאָ פון אַמאָל;
די שטאָלנס, דאָס געהילץ, דער קאַלעך און די ליים,
די אָפּגעשטויבטע פענצטער פון די צעכן.
געפּאַטערט האָט ער מער אַ סאָך דאָ ווי אין דר׳היים,
ווען ער וואָלט ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן געטאָן אַ רעכן...
און עפּשער ניט... און עפּשער ווײַזט זיך עס אים אויס...
נאָר טראָג-ברעטלעך באַמערקט האָט ער אַ מענגע גרוים און קליין;
עס סטאַרטשעט, דאַכט זיך, נאָך פון דאָרט אַרויס
אָט די, וואָס ער האָט נאָך אַליין אַף איר געטראָגן שטיינער...

און ווען ס׳האָט זיך די צײַט פון אָנהייבן דערנענט,
איז האָט שמועל-ביים מיט פיבער פײַנלעכן און שטילן
אים אָנגעמאָסטן די נאַסילקע אַף די הענט,
ווי אָנגעמאָסטן אַפן קאָפּ מ׳ער אים ניט לאַנג די טפילן...

.13

די ערשטע צוויי, דרײַ טעג האָט עזרע זיך געפילט נאָך פרעמד,
ווי אַף אַן אַנדער וועלט איז ער אַרומגעגאַן פאַרטומלט.
ער ווייסט ניט, ווי אַזוי דעם ראַש און דעם געפילדער מע באַנעמט,
נאָר אָפּגעשטעלט זיך קוקן אַלץ ער אומעטום האָט.
ס׳האָט ווער פאַרבײַגייענד דערלאַנגט אים אַ פאַרטשעפּ,
פון ערגעץ־ווו האָט זיך אַ פאַס דערלאַנגט אַף אים אַ קײַקל, —
געדוכט האָט אים זיך, אַז ער גייט אַף טרעפּ
מיט צוגעבונדענע פאַרקלעמטע אויגן.
דערנאָך איז זיך ווי שניי צעגאַן אַף אים די פרעמד,
געפאָלגט אַ יעדער זאַך, וואָס מ׳האָט געהייסן.
ביז ס׳האָט זיך בּיסלעכווײַז אונטער דעם העמד
גענומען דורכדרינגען און אײַנלעבן דער שוויים אים,

ביז ער האָט אויפגעהערט צו פילן דאָרט די קעלט,
ביז ער האָט אויפגעהערט אונטערן טומל זיך צו בייגן.

בלוי איז אַף דער גאַס, ווען צו דער אַרבעט זיך מע שטעלט
און ווען די אַרבעט גייט צום סאָף — איז בלוי שוין אין די אויגן.
אַן אייגענער איז ער שוין מיט דעם ליים און מיטן גאַנצן הויף
און מיטן פייַף פון אינדערפריִעקע נ׳פאַרנאַכטיקע באַפעלן.
עס גיט דער טאָג אים אַזאַ שינד און שוויים פון אים אַ זויף,
ווי פון אַ גרויסן — אַז אַ הערעלע זאָל פעלן.

געטראָפן האָט ער דאָ אַ סאַך אַזעלכע ווי ער
אַליין. און ניט פאַרוווּנדערט האָט קיין זאַך דאָ און ניט קיינער.
נאָר אָנגעבויגן האָט דעם קאָפּ אים ביז דער ערד,
ווען ער האָט מיידלעך יונגינקע דערזען דאָרט קליינע,
אַזעלכע, וואָס שפּילן נאָך אין אַש,
אַזעלכע וואָס שפּילן נאָך אין צייכן...
און אָפּגעטראָטן האָט פון אים דער ראַש,
עס האָט זיך טיף אין קאָפּ פאַרקריצט אים און פאַרצייכנט:
באַ לאַנגע טישן, מיט געפּעס פאַרוואַלגערט,
געזעסן זייַנען קינדער — איינס צום אַנדערן געפּרעסט
און האָבן דאָרט ווי קאַלעס אויסגעפּוצט די פאַרצעלייַענע ליאַלקעס,
ווי פירן וואָלט מען צו דער כופּע זיי באַדאַרפט דאָ אין די פּרעסט.
און איינס אַנטקעגן אַנדערן, די קעפּ געבויגן
באַ נאָגנדיקער שייַן פון רויכעדיקע לעמפּ,
אַרייַנגעפינטלט האָבן זיי די ליאַלקעס טויטע אויגן
און מייַלער אויפגעהאַקט זיי — טויט און טעמפּ.
געסקריפּעט באַ די קינדער האָבן האַלדז און נאַקנס
פון יעדן ריר אַף צוגעשמידטן אָרט.
נאָר פאַרב איז ווי באַגינען אויפגעגאַן אַף פאַרצעלייַענע באַקן,
און אַף די פאַרצעלייַענע קעפּ געוואַקסן זייַנען לאַנגע
שוואַרצע האָר...

אַ טאָעס קומט דאָ פאַר.
ער ווייסט אַליין ניט...
זיי שפּילן מיט די ליאַלקעס זיך — ער זעט ניט, צי ער זעט:
— פאַרוואָס-זשע שטיפט דאָ ניט און לאַכט דאָ גאָרניט קיינער?
— פאַרוואָס-זשע זיצן זיי דאָ אַלע אַזוי שפּעט?

— פאַרוואָס־זשע רופט זיי ניט פון ערגעץ ניט קיין מאַמע ?
— פאַרוואָס־זשע נעמט צו דעם קיין סאָף גאָרניט אַמאָל ?
נאָר אַ געשריי גיט זיי אַ ריס און אַ צעקלאַמער :
— גייט טראָגט אָן וואַסער. שטעלט זיך אָפּוואַשן דעם פּאָל.

דעם קאַלטן צעמענטענעם דיל — פאַרפרוירן —
אָפּ אָן אָרשין די גרעב האַלט דאָרט די בלאָטע און דער קויט,
אַז בלויז זיך צורירן צו איר באַפּאַלט אַ מאָרעשכוירע,
און ס׳פּלאַצט ביז בלוט פון הענט די אויסגענאָגטע הויט.
עם גיבן קינדער זיך אַ קוק אַזאַ מין איבער,
די פענצטער גייען צו מיט שרעק צום סאַמע מויל : —
— ס׳אַ פאַכעד לאָזן זיך דורך די פאַרשנייטע גריבער,
ווי אָפּ אָן אומגליק רופט דער ווינטיקער געהויל.

געוואָיעט האָט אַ גאַנצע נאַכט אַ ווילדע זאַווערוכע,
געשניטן האָט דער שניי ווי סטריזשקעלעך פון גלאָז ;
ס׳איז שווער געווען אַ שטיקל וועג אַדורכגיין,
און ווי פון ווילדן וויי געשריגן האָט דער פראָסט.
פון אַלע זײַטן פעלד מיט בײַטשן ס׳האָט געשמיסן,
אַראָפּגעפּלעטשט די קעפּ ס׳האָט אַלעמען ביז דר׳ערד,
און איינער האָט דעם צווייטן ניט געקאָנט דערוויסן,
און איינער האָט דעם אַנדערן דערנעבן ניט געהערט,
האָבן זיך מיידלעך צוויי געלאָזט נאָך וואַסער,
האָבן דאָרט קינדער צוויי צום ברונעם זיך געלאָזט,
אין טשאַד פון שווערן טאָג, פאַרמאָרעטע און בלאַסע
און קוים־קוים גייענדיק — ווי איבער אָנגעבראָכן גלאָז...

מיט אײַז און גליטש דער ברונעם איז באַלייגט,
ווי מיט געשוואָלן אינגעווייד אַרויסגעזעצט פון טיפן,
ער גלאַנצט מיט פינצטערקייטן אַלערליי,
ער רופט פון ווײַט מיט טראָפּנדיקע טריפן,
און דראַפּען זיך צו אים מע מוז אָפּ אַלע פיר,
און פאַלן מיט געוויין פון ברומדזשענדיקע עמער,
ווען ס׳טוט פון שטומער נאַכט די שרעק דאָרט אַ באַריר,
ווען ס׳גיט די פינצטערניש באַם האַרץ אַזאַ מין קאַלטן נעם אָן...
האָבן זיך קינדער צוויי געדראַפּעט דאָרט באַנאַנד,
פאַרשנײַדנדיק די הענט אין אײַז פאַרשנייטן ;

— אָט שטרעקט דאָרט איינע אויס די האַנט,
— אָט גיט זיך מיט געשריי אַ גליטש די צווייטע —
האָבן זיך קינדער צוויי באַנאַנד געדראַפּעט:
— אָט איז דאָס אײַזיק מויל. דער שטאַנג. אָט בלײַבט מען שטיין
און גליטשנדיק גענטאָן דאָרט איינס דאָס אַנדערע אַ כאַפּ האָט,
און איינע האָט אַ פּליוך געטאָן אין ברונעם ווי אַ שטיין.

ס׳האָט אַ געשריי צעהאַקט ווי מיט אַ בליץ די נאַכט,
אַ בראָך געטאָן שיגאָען האָט די פינצטער,
און ס׳האָט צום ברונעם אַלעמען געבראַכט
פונעם וואַרשטאַט — דערשראָקענע — אַהינצו.
געלאָפן זײַנען אַרבעטער מיט האַטשיקעס און שטריק
מיט לעמפּ געלאָפן זײַנען אַלע אָפן אומגליק;
כ׳האָט זיי דער ווינט געמאָרדעוועט, געריסן אַף צוריק
און ס׳האָט דער שניי דאָס ליכט געלאָשן און געשלונגען.
און עזרע — אויך אין מיט. דער קאָפּ זיך אַף צעברעכן.
אַ צעבער טראָגט ער אין די הענט. ער כאַלעשט טאָן אַ קוק.
ער הערט, ווי קלאָלעס רײַסן זיך צום הימל... העכער.
און ס׳גיט אים יעדערער אַ שטופּ און אַ פּאַררוק,
און אַלע — אַפן ברונעם אָנגעלייגט אין שרעק.
מע ציט מיט אויגן און מיט שטריק, אַ רעגעלע קײַן רו ניט,
און ווער — אַראָפּ, און ווער — אַרום, און ווער — אַוועק,
און מיטן צעבער האָט מען זי אַרויסגעשלעפּט פון ברונעם.

.14

פון ברונעם האָט מען זי געבראַכט צו טראָגן אַפן הויף,
פון דאָרט צום אויפזעער אין פּאָדער-צימער.
כ׳איז נאָך אַמאָל געוואָרן אַ געלויף,
געשאָלטן האָבן בייזע זידעוודיקע שטימען
דעם באַלעבאָס, די שלעק און די מעשאָרסים.
עס האָבן נאַכט-וועכטערס זיך עפּעס איבערפרעגט,
און דאָך ט׳ניט דורכגעלאָזט קיין מינדסטער שאָרך זיך,
באַמערקן וועט מען עפּשער עפּעס אַ באַוועג...
אי״ר אָנטאָן איז געווען פּראָסטיק-האַרט,
ניט אָפּגעשטאַנען ס׳איז פון לײַב אין בלויע פלעקן,
און אײַנגעהערט האָט זיך די קריכעדיקע נאַכט,

צי ווען מען די דערטרונקענע דערוועקן.
ס'איז צוגעפרוירן ס'שאַלעכל צו אירע האָר.. מ'האָט זי געמינטערט,
נאָר פאַרצעלייִק איז געווען איר געזיכט.
זי איז געווען מער דערשראָקן, ווי דערטרונקען,
און טויט זײַנען די כאַווערטעס געוועזן מער ווי זי.
זיי זײַנען אַרום איר געשטאַנען און געוויינט,
די ליפּן זיך געביסן: — כאַנקע, כאַנקע...
און עזרע איז געשטאַנען און געוואַרט. אַליין, —
מע זאָל אים אויכעט עפּעס הייסן ברענגען און דערלאַנגען.

אַז ווי מיט שטריק פאַרשלייפט אים דער גערודער,
אַז יעדער קרעכץ זיך וואַלגערט אַף אים אָן —
האָט אים אַזוי געוואָלט זיך אָנקערן איר איצט אַ ברודער,
ער זאָל צו איר איצט קאָנען צוגיין נאָנט,
האָט ער אַזוי דאָרט שטיל און פאָלגנדיק געדרייט זיך —
ער וואָלט זי דאַכט זיך גלײַך צו זיך אַהיים געבראַכט,
עס וואָלט שמועל-ביים אויסגעפונען גלײַך אַן אייצע,
ס'וואָלט זי זײַן מאַמע אָפּגעמינטערט איבער נאַכט...
נאָר מיט דעם ראַטעווען מיט אַלע סגולעס
האָט אָנגעפירט דער פאַרמאַװשטשיק דער כאַוועך קופּערמאַן;
געמאַכט האָט ער געשיקט, גענייט און שטיל עס,
און קוים וואָס מ'האָט געהערט — דעם באַלעבאָס דערמאָנט.
ביי יעדן הייב די האַנט אַף אויסקאַטשען דעם פּראָסט,
באַ יעדן וויג אין לופט אַף אָנציִען די וואַרעם
האָט ער אויסגעלאָזט מיט פײַער און פאַרדראָס
אַ מייע קלאָלעס אַף גריפּארין.
און ווען ער האָט געהייסן זי אַרײַנלייגן אין בעט,
האָט זיך דער אויפזעער צעקרייט: — וואָס מאַכט מען
אַ שפּיטאָל דאָ?
ניטאָ וואָס אָנמאַכן אַ נעץ און אַ געטומל אַזוי שפּעט.

דורך טיר דורך קוים געעפנטער האָט ער גערעדט
און מיט די אויגן ווי מיט מײַזן-קעפּ געדרייט דאָרט;
באַ אים אין צימער אַפּן בעט
ז'געזעסן שעווע דער אַלמאָנעס מיידל
די פינגער זיך געביסן פון די הענט
— צי האָט מען דורך דער טיר זי ניט דערקענט?...

געגומען אין פאַבריק האָט זי דער אויפזעער פאַר דעם,
אַז נאָך דער אַרבעט באַ דער נאַכט
צו אים פאַרברענגען זאָל זי אין קאַנטאָר גיין...
ס'האָט דאַרט אַף איר אַן אָוונטברויט געוואַרט;
צוערשט האָט זי זיך מווירעדיק געשעמט,
צוערשט האָט זי זיך מיטן ברויט געוואָרגן —
דערנאָך האָט זי דאָס שוועסטערל געבראַכט,
זי זאָל ניט זיצן אין דער פרעמד באַנאַכט אַליין...
נאָר בריסקמאַן איז, פאַרקערט, געוועזן אויפגעלייגט און צאַרט,
ס'האָט בריסקמאַן אויך דאָס שוועסטערל געקאָנט פאַרדיַיען...
עס זיַינען אים די אייגעלעך געוועןן פאַרפאָפט,
און מיט אַ טיכעלע געווישט האָט ער דעם שוויים זיך
פון האַלדז און נאַקן און פיַין אונטערגעברומט:
— ס'איז היים... ס'איז גאָרניט... ווייסעך...
און זייער איידל פונקט ווי אין דער טאַ
האָט ער צו איר זיך צוגעזויַיערט מיט אַ פלעשעלע פאַרפום:
— נאַ, גיב אַ שמעק. דו וועסט זיך, נאַרעלע, מעכיַיע זיַין.
ס'איז סוויעזשע סיענע. ס'איז דוכי מעטאַרמאַפאַז.
און מיט אַ שטיקל ווירשט אין האַנט אַף צו פאַרביַיסן
האָט ער זיך שווענבנדיק צו איר געגעבן אַזאַ לאָז.
נ'אַז ס'האָט אַף איר די הויט געטאָן אַ ברען,
נ'אַז ס'האָבן זיך באַ איר אַראָפּגעלאָזט די ברעמען,
האָט ער צו איר אַ צי געטאָן די הענט:
— אַז בריסקמאַן גיט, באַדאַרף מען נעמען.

אַראָפּגעוואָרפן האָט ער שוין פון זיך דאָס רעקל
געבאָמבלט האָט זיך ס'גאָלדן קייטעלע אַף זיַין זשילעט,
דאָס פלעשעלע פאַרפום געהאַלטן אין איין שטרעקן
און שווענבנדיק, זי אַלע וויַיל געטאָן אַ גלעט...
נאָר זי האָט זיך געמיִעסט. ס'האָט איר געעקלט
פון זיַין נאָז דער אָנגעדראָלענער מיט פיאָלעט;
דער פליך האָט אים צעגלאַנצט זיך שווייסיק-פעט,
און ס'איז אים, דאַכט זיך, שוין קיין שאָד ניט די זשילעט
ער סאָפּעט שוין און ווייסט שוין ניט, וואָס זאָל ער טון איר:
— וואָס גייט אים אָן דער ווינט און קינדער באַ דעם ברונעם?
געסווישטשעט האָט פון זיַין פאַרלייגטער נאָז:

— סע שמעקט? וואָס זאָגסטו טאָכטערוניע?
— ס׳איז סוויעזשע סיענע. ס׳איז דוכי מעטאַמאָרפאָז...

און גראדע דעמאָלט האָט אַ ווינט געוואַלגערט פון די פּיס,
און צו דעם ברונעם שעפּן וואַסער מ׳איז געגאַנגען;
און גראדע דעמאָלט האָבן זיך געטאָן אַ ריס
צו אים מיט ראַש און מיט געשריי ווי אַף געראַנגל, —
האָט ער אַן אויפגעבראַכטער זיך געשפּיליעט דעם זשיליעט,
געזאָטן און גערעדט:
— וואָס מאַכט מען אַ שפּיטאָל דאָ?
ניטאָ וואָס אָנמאַכן אַ נעץ און אַ געטומל אַזוי שפּעט,
וואָס איז דאָס פאַר אַן אָרט אַף זיך צעלייגן מיט די טראָלדן?

נאָר קופּערמאַן האָט שטיל צו אים געטאָן אַ שפּאַן
און אַלע גלײַך נאָך אים — זיך אָנגעשטעלט אַנטקעגן:
— סע וועט זיך גיסן בלוט, טיראַן,
איבּ איר וועט נאָך אַ וואָרט זיך אויסריידן דערוועגן.
ס׳איז עזרע איך געווען שוין גרייט
אין אַ געשלעג באַגלײַך מיט אַלעמען זיך וואַרפן;
עס זײַנען ניט דערגאַן שוין מער צו אים קיין רייד
עס איז קיין כאַלעף ניט געווען פון זײַנע אויגן שאַרפער...
און דאָך האָט מען געטראָגן זי צוריק אין צעך,
ווי אין אַ טאַרע־שטוב צווישן ליאַלקעס, אויסגעפּוצטע טויטע.
געשטאַנען עזרע בּאַ אַ זײַט איז אָפּגעצערט,
עס איז זײַן בליק געווען פאַרהייטלט און צעבּויטעט...
ער האָט דערפילט, ווי האָס אונטערן הארצן אים נעמט זיך שפּאַרן
און ווי ס׳פאַרלייגט אין בלוט זיך גלײַך ווי שרויט,
און דאַן האָט ער דערזען אין באַלעבאָס — גריפּארין —
באַשײַמפּערלעך — דעם טויט.

געלעגן זײַנען אָנגעוואָרפן הוילע שטיקער פאָרצעלײַ,
אַרויסגענומענע פון טויטע פאָרמען,
מיט טויטן גלאַנץ פון פאָרצעלײַען לײַב
פאַרוויגט און קלאָר־ווײַס:
זיי האָבן טויטערהייט געוואַרט,
אַז צורירן זאָל מיט די הענט זיך צו זיי כאַנקע...
נאָר כאַנקע איז געליגן שטיל, פאַרשמאַכט,

ווי זי וואָלט שטאַרק געווען פאַרטאָן אין אייגענע געדאַנקען...
און קופּערמאַן האָט הייזעריק געהוסט.
אַליין אַן אויסגעווייקטער און אַ נאַסער —
האָט ער, פאַרשליידערנד פון טיש אַ ביוסט,
אַרויסגעיאָגט פון כאַנקעס לייב די קעלט און ס„וואַסער,
דעם ליילעך ברענגען זיך געהייסן פון זיין שטוב,
און אַלץ ווי סע באַדאַרף צו זיין באַשטאַט דאָרט,
און מענטשן זיינען אָנגעקומען נאָך. מ'האָט זיך געשטופּט.
נ'אַף אין דער פרי ז'געקומען כאַנקעס בלינדער טאַטע.

.15

ער איז אַריינגעקומען ווי פון יענער וועלט
און ניט געלאָזט, אַז עמעץ זאָל אים פירן;
ס'האָט זיך אַליין געלייגט צו אים די שוועל,
געעפנט זיך פאַר אים האָבן אַליין די טירן.
ער איז געגאַנגען גיך. די הענט געשטרעקט פאָרויס,
ווי אַן אַרומגעהאַקטער בוים אַ סוקעוואַטער,
און גייענדיק אָן עפּעס זיך דערלאַנגט אַ שטויס —
ד'ער בלינדער טאַטע.
עס האָט עפּעס אַ פאַל געטאָן אַף דר'ערד
עס האָט עפּעס מיט קלאַנג פון בראָך געטאָן אַ שליידער,

נאָר ער האָט גאָרנישט נישט געהערט
און איז געגאַנגען ווייטער.
עס האָט אים אַף קיין אויגנבליק ניט אָפּגעשטעלט
דער קלונג פון די געפּלאַצטע פאָרצליינען;
ער איז געגאַנגען מאַכן טיל און טעל
און די נעשאָמע ביזן גרונט צעשריינען.
איז ער געגאַנגען וואָיענדיק ווי איבער שוואַרצע גרונטן
און שטיקער בלוט פון האַלדז געגעבן אַ צעזיי:
— ווו זיינען זיי?... זיי האָבן זי דערטרונקען?
שוין?... ווו זיינען זיי?

ער האָט דאָ אַלץ אַף אויסנווייניק געקאָנט,
ס'איז אים די בלינדקייט ניט געווען קיין שטערונג;
שוין אַ יאָר צען, ווי מיט די הענט האָט ער געפילט די נאָנט.

שוין אַ יאָר צען, ווי אין דער ווײַט געדינט האָט דאָס געהער אים,
די אויגן זײַנען ווי אַרײַנגעשטעלט געווען פֿון גלאָז,
עס האָט שוין לאַנג קיין פֿײַכטקייט ניט באַרירט זיי,
האָט ער פֿון טיש צו טיש זיך אײַלנדיק געלאָזט,
פֿון זײַן געזיכט האָבן אַראָפּגעווײנט פֿאַרוויאַנעטע געווירצן,
ווי אויסגעקלאַפּטע פֿון אַ האָגל.
האָט ער געגרינגעוועט מיט קאָסטנס און געוואָיעט:
— אַ דונער זאָל זיי אַלעמען דערשלאָגן.
— ניט שאַנעווען זאָל זיי דער טויט.

נאָר קופּערמאַן האָט אים באַרויִקט: — בונעם.
זי לעבט. זי לעבט. נעם, זעצט זיך צו.
אָט איז אַ באַנק. אַ קינד, באַנאַכט געגאַן צום ברונעם...
און אים אַליין האָט אויך דאָס האַרץ געצוקט,
איז פֿאַר דער האַנט צו כאַנקען שטיל דאָרט האָט ער
אים צוגעפֿירט אַליין.
און עזרע איז זיי שטיל דאָרט נאָכגעטראָטן,
פֿאַרטײַעדיק געווײן...
דער בלינדער בונעם האָט געשפּרייט די הענט
און אירע האָר געגלעט, און דאָס געהער אַף איר פֿאַראַנקערט
און מיט געבראָכן קאָל צו איר זיך וואָיעדיק געווענדט:
— נו, כאַנקע... נו?... דו זעסט מיך, כאַנקע?

געקומען אים אַפֿן זיכּאָרן,
זײַנען מיט טרויער ליכטיקייט צו גיין
פֿאַרגאַנגענע און אויסגעמעקטע יאָרן,
ווען ער האָט אַפֿן פֿאַיאַנס־זאַוואָד געאַרבעט נאָך אַליין.
און ס׳איז ניט שווער געווען אים זיך דערמאָנען
אין יענעם אויגנבליק,
ווי אים אַליין האָט מען אַ בלינדן אָפּגעפֿירט פֿונדאַנען
מיט אַ יאָר צען צוריק.
ס׳איז אויך געווען פֿאַרטאָג
דער כווישעך האָט געצווירט אַף זײַנע ווײַסלען ווי אַף הייוון,
געפֿירט האָט מען אים שווײַגנדיק — אין זיך פֿאַרטאָן,
גלײַך ווי מע פֿירט אַ לעבעדיקן אין קייווער...
ס׳איז אויך געווען דאַן אַ ווינטערדיקע נאַכט,

ווען ער איז נעכטיקן בא דער מאַשין געבליבן, —
ער האָט אַפילע ניט געטראַכט,
אַז מער וועט ער די שײַן די לעבעדיקע און ליבע
ניט אָנקוקן שוין קיינמאָל...
אין שלאָף האָט פּלוצעם אים געטאָן אַ דאַכט זיך,
אַז די מאַשין אַליין
האָט אָפּגעלאָזט זיך אין באַוועג...
ווי מיט אַ דונער האָט עס אים דערלאַנגט אין האַרצן
און ער איז בלינד געוואָרן פון דערשרעק.

און איצט האָט ער איבער זײַן קינד געשפּרייט די הענט
די האָר אירע געגלעט און דאָס געהער אַף איר פאַראַנקערט
און מיט געבראָכן קאָל זיך וואָיענדיק געווענדט:
— נו, זאָג מיר, כאַנקע... זאָג... דו זעסט מיך, כאַנקע?

.16

און שעווע די אַלמאָנע האָט אין דר'היים געוואַרט
מיט דעם שוין צען מאָל אויסגעזאָטן טעפּעלע ציקאָריע;
געוואַרעמט האָט זי עס אַ גאַנצע נאַכט
און זיך פאַרשאָלטן די אַלמאָנעדיקע יאָרן.
דעם לאָמפּ האָט זי אַן אויסגעמאָרעטע אַרײַנגעדרייט,
זיך אַלע ווײַלע אײַנגעהערט, צי ס'קרייען שוין די הענער;
ס'זאָל זײַן אַ גאָט, וואָלט זי די ערשטע אים געגעבן אַ געשריי:
— עס ענדיקט דאָך אַפילע פאַרן גרעסטן ראָשע זיך דער גענעם.
אַז וואָס האָט זי אַזוינס געזינדיקט אַף דער וועלט?
פאַרוואָס קומט איר אַזאַ מין פינצטער מאַזל אַף דער וועלט?
אַז בעסער וואָלט די ערד זי צוגענומען פון דער וועלט,
נאָך איידער זי ז'פאַרקנופּט געוואָרן אַף דער וועלט...
מ'שטיינס געזאָגט — פון וואָס סע דאַרף איר זײַן אַ שאַד אַוועק...
אויב ס'איז אַ יענע וועלט פאַראַן און אַ גאַניידן,
איז זי אים אויכעט מויכל און — אַן עק.
זי כאַפּט אַ קוק אַף אירע גרויסע שטיוועלעטן
און פאַר איר מאַן אַ קרעכץ דערלאַנגט זי אומעטיק און שווער:
— וואָסי? געשטאָרבן איז ער אין זײַן שטוב? צי אין זײַן בעט דען?
ער איז דאָך באָרוועס. — באָרוועס איז ער דאָך אַוועק אין דר'ערד...
און זי פלעגט עס אומגיין וואַשן גרעט אין פרעמדע הײַזער,

ווי אַ פאַרשוילדיקטע אַרומגיין שטיל זי פלעגט;
זי האָט געוווּסט אַז אירע מיידלעך פירן עפּעס זייער פריי זיך,
אַז ערגעץ פירט דאָרט בריסקמאַן זיי אַראָפּ פון וועג...
זי האָט געוווּסט און וואַרגנדיק אין זיך עס שטיל פאַרבויגן,
און אַז מ׳האָט וועגן דעם אין שטאָט אַ רעד געגעבן הויך,
האָט זי געשאָלטן: — זאָלן אייך אין די אויגן,
שטיינער אייך אין בויך.
אַ דריי מאָל אויסגעבויגענע אַף פרעמדע דילן
האָט זי אין האַרצן געטרייסט זיך מיט אַ טרער:
— אַבי זיי גאַנווענען באַ קיינעם ניט, כאָלילע.
און דאָס איז זייערס. זיי פאַרמאָגן גאָרניט מער...
אַז פאַר קיין שידעך שטייט דאָך שעווע די אַלמאָנע, דאַנקען גאָט,
ניט אָן,
און פאַר אַ קאַלע וועט ניט נעמען שעווע דער אַלמאָנעס טעכטער
קיינער —
איז וואָס זיי ווילן — זאָלן זיי זיך טאָן
און וואָס סע ווילט זיך זיי אַליין נאָר...
די פופצן קאָפּעקעס דעם טאָג,
וואָס זיי פאַרדינען ביידע —
ס׳איז מער פון ערגעץ ניט קיין פרוטע דאָך ניטאָ...
אַז מיטן ברויט וואָלט מען זיך ווי־ניט־ווי נאָך אויסגעדרייט דאָ,
נאָר זיבן ווערסט די ווייט איז צו דער פאַבריקע פון שטאָט
און צוויי מאָל גיין צופוס אַ יעדן טאָג.
און ס׳גיבן זיך די אויגן איר אַ דריי,
פאַריאָגנדיק דעם שלאָף:
— גאָט וועט מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד,
איך בין גענוג געשטראָפט.

אַף מוסער אויסהערן פון יעדן איינעם
געבוירן ווערט דער אָרעמאַן...
און סע דערלאַנגט אין מויעך ווי מיט אַ שטיין איר
און דרעמלדיק זי גיט זיך אַ דערמאָן, —
זי האָט דאַכט זיך באַשייַמפּערלעך דערזען דאָרט
ווי פאַר די אויגן וואָלט זיך איר געטאָן אַ שטעל
דער קאַסטנמאַכער, געשאַדכנט האָט ער זיך, דער אַלטער סענדער,
ווען ס׳פערטע ווייַב האָט זיך באַ אים ניט־דאָ־געדאַכט געפעלט.
ער האָט אומיסטן זי באַשטעלט,

זי זאָל אים אויסוואַשן אַ באַליע גרעט;
ער האָט די גאַנצע צײַט געדרייט זיך בײַ דער שוועל
און אַלץ געברייעט און גערעדט:
— מיינסטו, שעווע?... זי, די יינגסטע דײַנע... האַ...
ווי מיינסטו?...
ער האָט אַ ווײַז געטאָן די שטוב: — דעווײַל איז דאָס נאָך
אַלצדינג מײַנס...
און זיי, די קינדער, זײַנען שוין דערוואַקסענע... צום מײַנסטן...
און וואָס פאַרא גליקן האָט זי עס אַזוי באַם פּאַיאַנס?
פון עסן און פון טרינקען איז ניטאָ דאָך וואָס צו רעדן...
און דו אַליין איז... אַדעראַבע... אויך... פון צייט צו צייט...
אַ שטוב געגאַר איז... זעסט אַליין... און ס'ווייסט עס יעדער...
און מאָל דיר אויס — זי וועט שוין זײַן בײַ מיר אַ לײַט...

עס בייגט זיך שעווע אָן און דרייט דעם לאָמפּ אַ ביסל מער אַרײַן:
— עס וואָלט איר שוין ניט אויסגעמאַכט — קוקט זי זיך
ערגעץ אײַן —
אַ ווײַסטער אַלמען פאַר איר קינד, איידער פאַרזעסן זאָל זי
בלײַבן...
נאָר ווער האָט ניט געוווּסט, אַז זי וועט שוין די פינפטע בײַ
אים זײַן?
און ווער האָט ניט געוווּסט, אַז ס'שטאַרבן בײַ אים בעהיטע גאָט
די ווײַבער?...
אין יענער נאַכט איז שעווס מיידל שטיל אַהיים געקומען
פריִער ווי אַלע מאָל — מיט אַ געוויין...

ווען אַלע האָבן נעבן כאַנקען זיך געטומלט,
איז זי אָן אויסגעבאַהאַלטענע געשטאַנען בײַ דער זײַט — אַליין, —
זי האָט געהערט, ווי מ'האָט צוריקגעטראָגן כאַנקען דורכן דרויסן,
נ'אַפילע פון דער ווײַט אַ קוק טאָן זיך געשעמט;
פון אַלע כאַווערטעס האָט זי דערפילט זיך אָפּגעשטויסן
און פאַרפרעמדט...
זי האָט געהערט, ווי קופּערמאַן האָט זיך געבייזערט,
איר האָט געדוכט, אַז שולדיק זי אַליין איז נאָר אין דעם;
געפילט האָט זי זיך איינזאַם
און פאַרפרעמדט...
זי האָט ניט אויסגעטאָן דעם ראָק. געזעסן און געוויינט.

און ווי בא ליכט-בענטשן פֿאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט דאָרט;
נ׳וועלן ס׳האָט די מוטער זי געפֿרעגט: — ס׳טוט דיר עפּעס וויי?
האָט זי דער מוטער וויינענדיק געענטפֿערט:
— כ׳וועל מער אַפֿן זאַוואָד ניט גיין...

.17

אַפֿן זאַוואָד זעט עזרע גלײַך ווי אַלע אויס שוין,
ס׳איז בלאָטע שוין פֿאַראַנען אַף אים מער ווי לײַב,
נאָר היימיש זײַנען שוין, פֿאַרשטענדלעך די גערוישן
און נעכטיקן, אויב ס׳טרעפֿט אַמאָל, ז׳מיט כיישעק ער פֿאַרבלײַבט
און הערט, ווי ס׳פֿירן אַרבעטער צווישן זיך געשפּרעך.
ער קאָן שוין אַלע צעכן לויט די רײַען
און ווייסט שוין אויך, אַז פֿאַרמאַוושטשיקעס שלאָפֿן ניט
קיין נעכט, —
זיי ווילן נאָך מיט אַ פּיאַטאַק אַף טשײַניקלעך אַ מײַע.
ער ווייסט נאָר ניט געננוי —
אויב פֿינעף קאָפּיקעס אַף אַ גאַנצער מייע,
איז וויפֿל נעמט זיך אָן אַף איינעם — אויב אַזוי;
נאָר דאָס ט׳מען באַרעכענען מיט עמעצן אין צווייען...

ער האָט שוין אויך געהערט,
אַז ס׳גרייט טאָג אַף טאָג זיך אָפּשטעלן די אַרבעט
דער שכיינעסדיקער צעך
— די פֿאַרבער.
באַנאַכט געזען האָט ער אין דרויסן
זיי אומגיין איינציקווײַז — צעשטרײַט, —
און ניט קיין סאַך האָט ער באַדאַרפֿט זיך אָנצושטויסן
אַז דאָס איז אויסן
— שטרײַק...

געקומען ז׳ער אַהיים אַ ביסעלע פֿאַרענדערט
און פֿרישע קעלט מיט זיך אַרײַנגעלאָזט.
געוואָרן זײַנען עפּעס גרעסער זײַנע הענט אים,
עס האָבן זיך די הענט אים אָנגעשטאָלט מיט פֿראָסט,
און אַלץ האָט אויסגעזען אַף אים פֿאַרביטן,
עס האָט, דאַכט זיך, אָפּגערוקט זיך נידעריק זײַן שטים;

עס קוקט אַף אים די מאַמע מיט אַזאַ מין ציטער,
ווי עמעצער געלאָקערט וואָלט דאָ ערגעץ נאָנט אַף איר...

דער ווייטיק איז באַשטאַנען נאָך אין דעם,
וואָס ס'האָט אַ צײַט אַזאַ גענומען אומגיין —
פון אַלע זײַטן — כמארעדיק און טעמפּ,
אַראָפּגעלאָקערט האָט אַ גרויסער אומגליק,
יעדיִעס האָבן זיך אַזעלכע געטראָגן
און בסורעס האָבן זיך אַזעלכע געהערט...
עס קלינגען קלויסטערס ווי נ'אַ גרויסער כאָגע,
און יידן פאַלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד...
מע גייט אַרויס באַנאַכט, און ס'איז קיין מענטש נישטאָ,
נאָר ווי סע זעצט דאָס האַרץ באַ יעדערן, דאָרט הערט זיך;
געדוכט האָט זיך, אַז אויסשעכטן וועט מען די שטאָט,
עס האָט די שרעק פון קעשעניעווו געקײַקלט זיך אַהערצו...
מע האָט זיך אײַנגעהערט אין יעדן טראָט
אַ יעדער אָטעם איז צעגאַנגען אין אַ קרײַז זיך;
נאָר אויסגעטופּעט האָבן יונגען דעם אָפּכאָד
מיט קוואָרטן קופּערנע און מיט געפּרווטע שטיקער אײַזן;
מע האָט פון יעדן פענצטער זיי געהערט,
דורך יעדער לאָדן זיי געפילט מע האָט דאָרט,
און ס'איז געוועזן מעסוקן שווער
צו אײַנהאַלטן דעם אָטעם...

ווי לאַנג האָט עזרע אויך אַזוי געקוקט אין שויב צו ראַנדן?
און אַף דער קוואָרט ווי לאַנג מיט אײַפערזוכט געקוקט ער האָט?
מע זאָל זי לאָזן נעמען אין דער האַנט אים
מען זאָל אים אויכעט מיטנעמען אין אָפּכאָד.
נאָר איצטער וואָרט מען שוין אַף אים, ווען ס'קומט די נאַכט,
אַז גיכער קומען זאָל ער פון דער אַרבעט:
די שטיבעלעך זײַנען פאַרשפּאַרטע
און יעדער דאַך זעט אויס ווי אַ צעפּלעטעטער שאַרבן...
איז האָט מען אין דער שטיל געציילט די טעג,
געפּאָמפּעט טילים מ'האָט מיט אַלע קוילים
און מיט אַ האָפענונג זיך אײַנגעדעקט:
— מ'עט שעכטן סײַ-ווי־סײַ. און סײַ-ווי־סײַ ט'מען קוילען...

נאָר אַ צעטראָגענער איז אומגעגאַן שמועל-בייס,
אים האָט דער פּאַכעד ניט געוואָלט פאַרהילן:
— וואָס קאָן דאָ העלפן טילים? — ט׳ער געשריגן בייז —
פּאָגראָמשטשיקעס פאַרשטייען ניט קיין טילים.
פּאָגראָמשטשיקעס פאַרשטייען זיך אַף העק.
פּאָגראָמשטשיקעס פאַרשטייען זיך אַף לאמען.
איז ער צו עזרען אַפן פּאַיאַנס-זאַוואָד אַוועק:
— נעם אויך אַ שטיקל אײַזן עזרע... טאָמער.. .
איז זיי צווישן אַלע — הויט מיט הויט.
אויב — שלאָגן זיך — וועסטו ווי אַלע טויגן.
— ס׳איז ניט קיין טאַכלעס צו וואַרטן אַפן טויט
מיט אָפּגעלאָזטע הענט און שמײַ־יִסראָעלדיקע אויגן...

עס איז די שרעק ניט אָפּגעשטאַנען מיטן אומגליק
ניט אָפּגעטראָטן זײַנען זיי פון שטאָט;
און עזרע אין די נעכט האָט אָנגעהויבן אומגיין
מיט זײַן פאַרשעמטן טאַטנס קוואָרט אַפן אָפּכאַד.

.18

דורך נעפּל געדיכטן — אין פריִען פאַרטאָג
האָט שטיל זיך אַ וואָגן געשלעפּט צו דער שטאָט.

אין נעפּל פאַרוויקלט אַזוי ווי מיט וואָל —
געגאַן איז דער וואָגן און זען ניט געוואָלט

ד׳עם וועג דעם פאַרווינטן פון פריִען פאַרטאָג,
וואָס האָט זיך געצויגן און געשפּרייט צו שטאָט.

די רעדער — פאַרשטויבט און מיט בלאָטע פאַרשטאָפּט,
ניט אויפוועקן קיינעם זיי זאָלן פון שטאָט —

און מיידן-געוויין פון די שטיבלעך אַף דר׳ערד, —
געגאַנגען דער וואָגן איז לאַנגזאַם און שווער.

דער הימל ווי אויפגעזעצט — בלאָטיקער שוים
אין וואָגן געוועזן זײַנען זיבן פאַרשוין.

אַ וואָגן — באַגינען — אַליין אַפן וועג —
ביז ראַנדן פאַרצויגן מיט קוימיקע זעק.

זיבן פאַרשוין — מיט געזיכט צו געזיכט
זיבן פאַרשוין אַפן לעצטן שפּאַציר.

זיי האָבן זיך ענגער צונויפגערוקט דאָרט,
ס'זאָל קלעקן פאַר אַלע אין וואָגן אַן אָרט.

עס האָט זיך דער נעפּל אין וואָלקנס געדעמפּט,
קיין קיוּוער האָט זיי ניט געגעבן די פרעמד

בלויז איבערגעציילט זיי און צוריק אומגעקערט —
עס האָבן דער שטאָט די הארוגים געהערט.

געבליבן דער וואָגן איז שטיין באַם בייסוילעם:
צונויפקומען וועט זיך מיסטאָמע אַן אוילעם —

צונויפנעמען מ'עט זיך אַ פרעג טאָן אַף נײַעס,
אַ טאַפּ טאָן דעם וואָגן, און הערן דעם פרײַז, —

— שײַך צו פרעגן? ... אַ וואָגן ... באַנאַכט ...
איז האָט מען דאָך עפּעס מיסטאָמע געבראַכט.

נאָר ס'איז ניט אַרײַנגעגאַן דער וואָגן אין שטאָט
דורך נעפּל געדיכטן אין פריִען פאַרטאָג.

כ'האָט זונטיק אין קלויסטער דער גאַלעך געדעדט:
געציילעמט די הענט און די מײַלער ביז שפּעט.

געוויזן די וווּנדן באַ יויזלען מיט היץ
און לאמען מיט הייליקן וואַסער באַשפּריצט:

—אַ קרעטשמע ז'א קרעטשמע. אַ שטאָט איז אַ שטאָט.
קיין מאַנגל אין אָרעמעלײַט איז נישטאָ.

איז האָט מען פון דערפער אין וועג זיך געלאָזט,
כאָטש קיינער האָט גאָרניט פאַרשטאַנען — פאַרוואָס? ...

נאָר אויב אינעם קלויסטער באַוויליקט מע האָט,
איז פונקט ווי פון קייסער און גלײַך ווי פון גאָט.

האָט זיך דער וואָגן געשטעלט באַם בייסווילעם —
צונויפקומען וועט זיך מיסטאָמע אַן אוילעם,

צונויפנעמען מ׳עט זיך אַ פרעג טאָן אף נײַס
אַ טאַפּ טאָן דעם וואָגן און הערן אַ פרײַז...

אַ פרעג געטאָן וואָלטן די מענטשן פון הי:
— פון וואַנען אַ פור? און ווי־הין אַזוי פרי?

וואָלט עפּשער דער טרײַבער געגעבן אַ ווײַז
אַ הינטער דער פּלייצע — צום נעפּל צום גרײַז.

צי גלאַט מיט דער בײַטש — אף שטום — אַ מאַך:
— געקוילעטע מע האָט דאָרט אַ גאַנצע נאַכט.

אַ מאַך געטאָן עפּשער וואָלט ער מיטן קאָפּ:
— עס זײַנען דאָרט מאַמעס פון זינען אַראָפּ.

געלאָפן, געפאַלן, געבראָכן די הענט:
— אַז ווער האָט דען דאָרטן זײַן צאַר ניט דערקענט?

אַ פרעג געטאָן וואָלט מען — אַ פרעג געטאָן בלויז:
— ווען איז דער וואָגן פון דאָרטן אַרויס?

וואָלט עפּשער דער טרײַבער מיט בלוט זיך פאַרהוסט:
— מע פירט דאָרטן נאָך... און מע שלעפּט זיך צופוס...

אַז מ׳האָט זיך געשלאָגן — איינער אף דרײַ
מיט הוילע הענט.. נו, גיי... שרײַ.

אַ מעשענער לײַכטער. אַ קוואָרט און — ס׳אַ שרעק
אַנטקעגן געשליפענע לאמען און העק.

נאָר מ׳האָט זיי פאַרטריבן... צוויי אפן אָרט —
מעשענע לײַכטער און קופּערנע קוואָרט...

אַ ווײַז אָפּן װאָגן האָט ער מיט געװײן,
און קריִע ט׳געריסן אַ שטאָט מיט די צײן...

אַ פֿרעג געטאָן װאָלט מען: — װי גרױס איז דער בראָך?
אַ װעמען נאָך פּירט מען? און װער גײט דאָרט נאָך?

װאָלט עפּשער דער טרײַבער אַ הײב זיך געטאָן
געװיזן ער װאָלט מיט דער בײַטש אָפּן טאָג —

אַז קופּערמאַן גײט דאָרט פֿאַרבלוטיקט — צופּוס
און עפּעס אַ ייִנגל... נאָר װער — ז׳ניט באַװוּסט...

אַ קוק געטאָן װאָלט מען אין װאָגן — װער איז?
צװישן די זיבן הרוגים — אַ קריסט...

און װער צװישן זיבן װאָלט אים ניט דערקענט?
מיט די גאָלדענע קנעפּ — דעם יונגן סטודענט?

זײ זײַנען נאָך גאָלדענער איצטער — די קנעפּ,
באַשפּריצט און באַשײַנט מיט בלוט פֿון די קעפּ...

אַרום איז ער אױכעט — פֿריר מיט אַ נאַכט,
איצט האָט מען אים אױך אָפּן װאָגן געבראַכט.

געקומען ז׳דער פֿאָטער דער לערער צו גײן —
געקוקט אױף זײַן הרוג... געקוקט. ניט געװײנט.

זײ זײַנען נאָך גאָלדענער איצטער — די קנעפּ,
באַשפּריצט און באַשײַנט מיט בלוט פֿון קעפּ...

באַװיזן זיך קופּערמאַן האָט פֿון דער װײַט
און עזרע — נאָך אים. און נאָך יונגעלײַט.

נאָר ס׳האָט זײ געשטעלט זיך דער טאָג מיט געװײן,
אַזױ װי סע שטעלט זיך אין גאָרגל אַ בײן.

געגאַן איז מען שװײַגנד — אַ שיטערער צוג
צום װאָגן מיט זיבן הרוגים מ׳איז צו. —

נאָר ס׳האָט זיי דעם וועג אַ געזוואָי פאַרשטעלט —
בונעם דער בלינדער — באַפליגלט די הענט

אַזוי ווי אַ כּײַע — אַליין אַפן וועג.
— זײַן באָכער איז נעכטן מיט אַלע אַוועק.

אין נעפּל געדיכטן — צום פריִען פאַרטאָג,
דורך וואַנען דער וואָגן געגאַן איז אין שטאָט.

געגעבן וואָלט בונעם דער בלינדער אַ פרעג,
נאָר ס׳איז אים פאַרוואַקסן דער גומען מיט שרעק.

נ׳ווען רײַסן געגומען האָט עמעץ אים קריִע,
האָט אומגעקערט זיך אַף אַ ווײַל אים די רויִע.

ער האָט ווי אַן אָקס, וואָס שעכטן מע גרייט,
אַ שטוים געטאָן אַלעמען — בלינדערהייט.

די אַפּלען אים האָבן געטאָן זיך אַ קער,
די הענט צום פרימאָרגן: — וואָס רײַסט מען מיר? ווער?

און טרערן פון טרוקענע אויגן אַ גאָס:
— וועמען? מײַן מאָטלען?.. געהאַרגעט?.. פאַרוואָס?..

נ׳ער האָט זיך צום וואָגן אַ וואַקל געטאָן
דורך נעפּל געדיכטן — אין פריִען פאַרטאָג.

.19

שמועל־ביים גייט אום אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ,
שמועל־אַלעף פרעגט אַף לײַט פאַרדעכטיקע דאָרט נאָך:
אין שטעטל קומט אַ באָכער טשעסקים אָפּט אַראָפּ,
מ׳קומט אויך אַראָפּ דאָרט איינער טשערנאָמאָרסקי.
מיט האָר אַזעלכע ווי כוואַליעס אַף די קעפּ,
פּונקט ווי פון זײַן נעכט די גאַנצע אויף דאָרט
די קורטקע — שטערנדיק מיט גאָלד פון קנעפּ,
און צונגען גלאַטיקע מע לופטערט.

זיי קומען אָן און רינגען אומבאַמערקטע אויס,
נאָך איידער ווי און וואָס מע ווערט פון זיי געוווירע.
פון ערגעץ רוקט שמועל־אַלעף זיך אַרויס
און גיט אַ זאָג: — איך וואָלט געשווירן,
אַז דאָס איז עפּעס גאָרניט גלאַט אַזוי...
עס שמייסט זיין יעדער וואָרט ווי בייטש געזאַלצן, —
מען זעט אים ניט, נאָר ער איז דאָ און זויגט
און זאָגט: — איך גיב דעם האַלדז אייך,
אַז ייִדן נעמען אַף זיך אַלין אַליין.
אַליין דעם אומגליק נעמט מען מיט די הענט דאָ.
— וואָס טוען עס אין שטאָט אָט יענע צוויי?
— וואָס דאַרף די שטאָט אַזעלכע צוויי סטודענטן?
וואָס לערנען מיט דער שטאָט גראַמאַטיקע
און אַריפמעטיקע און ווייסט דער רועך וואָס נאָך דאָרט?..
מע וועט אַרויס דערפון די שטאָט — אַ נאַקעטע
מע וועט אַרויס דערפון די שטאָט — אָן אָפּגעקאָכטע.
איז וואָס באַדאַרפן זיך דאָ מישן — ייִדן? —
האָט ער דעם האַלדז געריסן זיך ביז שוים און שוויים —
און אַזאַ באָכערל ווי עזרע — אויכעט אין דער מיט דאָ
— איז עפּשער קאָן עס אים פאַרטייטשן ער ,שמול־ביים?

עס האָט שמועל־ביים פאַרטייטשן גאָרנישט נישט געקאָנט,
און עזרע איז שוין זייער ווייט געווען פאַרטאָן דאָרט;
דאָס איז געווען דער ערשטער בלוט־געשטעלטער קאָן,
ווי עזרע נעמט באַגלייך מיט אַלעמען אָן אָנטייל...
באַדאַרפט מע האָט שוין אויפשטעלן געניי
דעם טאָג און ווי אַזוי — צי איינציקווייז אָדער מיט אַמאָל:
— נאָר ווי־זשע נעמט מען זיך עס דאָ צונויף?
— ווי גיט מען זיך עס ערגעץ אַ פאַרזאַמל?

עס גיבן די סטודענטן בלויז זיך אַ באַווייז
אַזוי ווי פונקט פון אונטער וואַסער — אַף אַ רעגע
און ווידער אַ פאַרזונק און — בלויז אַ קרייז
גייט זיך פון זיי פונאַנדער ביז די ברעגן...
מע קוקט נאָך. מע שפּירט שוין אוים.
מע ווייסט שוין ווער. און אַלין איז שוין פאַרדעכטיק.
און ס'פאַלן אַף אַ שטיקל צייט אַרויס
פונעם באַנין די אויסגעפּרוווטע ערטער.

עס האָט דער באַלעבאָס — דער אַלטער גרעק גריפּארי
געהאַלטן אַף געהאַלט אַ שטאָט מיט פּאַליציי;
זיי האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג מיט ביר געפּאָרעט
און יעדן אַרבעטער די טריט געציילט.
איז ווער —אַ טראַכט... און ווער — אַ בליק...
און ווער — אַף שטום-לאָשן אַ דריי אַזאַ מין...
נאָר קופּערמאַן דער פּאַרמאַוושטשיק
האָט פאַרגעלייגט אין באָד צו מאַכן די פאַרזאַמלונג.
— אין טומל — האָט זיך קופּערמאַן געהיצט און זיך געאייסעקט,
אין פינצטערניש אין רויכן און אין געשריי
דערקלער איך אייַך דעם בעדער פאַר אַ קייסער
נ׳דעם קייסער פאַר אַ בעדער — איינס און צוויי.
און מירן דורכפירן דעם איניען — פרימע. —
געסילעקט האָט ער ווערטער פונקט ווי קלעפּ;
עס האָבן אויגן זיך באַ אַלעמען אַ ריס געטאָן צום הימל,
נאָר אַלע האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

.20

דער פּאַרמאַוושטשיק — דער כאַוועד קופּערמאַן
איז פעסט געבויט — מיט ברייטע פּלייצעס;
און כיין און מילדקייט איז פאַראַן
באַ אים אַ יאַם — ווען ער צעגייט זיך.
זייַן טאַטע גיט אַ שוועב פאַר אים דורך צייַט פאַרמעקטער,
ס׳דערהערן זיך אים שווערע מולירישע טריט;
ס׳האָט ער אַליין מיט יאָרן צוריק אַנטדעקט דאָך
אַז בלויז דרייַ ווענן האָט אַן אָרעמאַן אַ ייִד:
דער ערשטער איז — פון פאָרען זיך אין באָד
דער אַנדערער — פון אָנשאָבן דעם רעטעך
און נאָך איינער — איז אָט
ווען מע צערייַסט אַ הייסן ברויט און ס׳גיט די זויערקייט אַ קלעטער.

ווען ער איז אייַנגעפאַלן אַף דער עלטער
און נאָך דעם רויפע זיך געהייסן שיקן באַלד,
ער זאָל אים פרווון אַף די פיס
צוריק אַ שטעל טאָן;
און ווען דער רויפע ט׳אין אַ האַלבן יאָר אַרום

געטאָן אַ פאַל
אַרײַן צו אים אין רום
פון קאַנעס, באַנקעס און פון פּיאַווקעס
און אים אַ פרעג געטאָן געוועלטיק
ווי מיט אַ בייזן האַווקע:
— האַ?
— וואָס פעלט אײַך?
—וויפל זײַנט איר אַלט?
האָט זיך דער אַלטער פונעם בעט געטאָן אַ רים:
— איך האָב אײַך דען גערופן זאָגן ווען עס איז געוועזן מײַן ברים?
איר זעט דאָך מיט די אויגן אַלײן:
— דאָס פעלצל איז אַן אַלטס.
איר קאָנט עס אויסלאַטען איז — טאָוו.
אויב ניט — איז זאָגט אַ גוטן טאָג.

צו זיבן יאָר צו צען און פריִער
האָט ער צעשיקט די קינדער האַרעווען און זיך אַליין דערנערן.
האָט זיבן יאָר דער כּאַווער קופּערמאַן שטודירט
ביז ער האָט פּאַר אַ פּאַרמאַוושטשיק זיך אויסגעלערנט
און נאָך פיר יאָר רווישיקע
האָט ער געהאָרעוועט געטרײַ
אַז קאָנען זאָל ער ווי אַ פּאָרמע אויסשלייפן
אַ גוטן שטרײַק.

איז אַף אַ זײַט
פאַררוקט באַ אים די הוט
פאַרפּראַשעט זײַנען אים מיט קאַלך די ברעמען;
ער אַרבעט גיך און גוט
און האָט נאָך ליב אַ לעכאַ־דוידי ווי אַ ביסל בראָנפן נעמען.
און אַז ער לאָזט זיך אָפּ דער כּאַווער קופּערמאַן
מיט זײַן נעגינע אין אַ רײַזע
איז דוכט זיך אים אַז זײַן מעלאָכע איז געזאַנג
און די טשײַניקלעך — אַ בײַזאַך.
פון זינגען רײַסט ער אָפּ אַליין זיך דאַן
ווען אין די פינגער קאָפּיקעס אַף דער מייע ער דערמאָנט זיך —
אַזאַ איז ער — דער כּאַווער קופּערמאַן
מיט זײַנע לעכאַ־דוידים און טשײַניקלעך אינגאַנצן.

האָט ער זיך גיך מיט אַלעמען דערדעדט
קיין צייט קיין איבעריקע ניט געפּאַטערט:
ס׳וועט דאָרטן אָפּשמועסן ווי ס׳דאַרף צו זיין דער קאָמיטעט
און אָפּשמייסן ווי ס׳דאַרף צו זיין די באַלעבאַטים.
פון דאָרט וועט מען אַרוים מיט ריינע פּים
און אַ געשפּרעך — וועט זיין געשפּראָכן
און יידן וועלן טיינען אַף געוויס
אַז ס׳שושקען דאָרט אין באָד זיך הייליקע מאַלאָכים.

.21

נו, האָט מען אָפּגעוואָרט געהיים דעם פרייטיקדיקן טאָג
די היץ פון באָד איז אויפגעגאַן אין פלאַמען;
פאַרנאַכט האָבן זיך אַרבעטער געטאָן אַ טראָג
מיט בעזעמלעך און זייף מיט אַ פאַרטיקער פּראָגראַמע.
פאַרשטעלט און אָפּגעהיט איז יעדער טראָט
געשלייפט און שטעכיק יעדער בליק איז;
עס האָבן באַלד די באַנק די אויבערשטע אין באָד
פאַרכאַפּט די פאַרבערס און די פאַרמאַשטשיקעס.
פאַרשטאָפּט די גאַנצע באָד ז׳געווען מיט פּאַרע.
עס זעט ניט קיינער ווו צו טאָן אַ שפּאַן;
— ס׳זאָל פינצטער אין די אויגן זיין אַזוי גריפּארין, —
געשריגן האָט אַ נאַקעטער דער כאַווער קופּערמאַן.

פון אונטן האָט כעוורע אויפגעוואָרפן שעפלעך — בראַנזיק
און אָנגעגליט אַ פייערדיקע היץ אַזאַ
וואָס האָט אַף יעדן איינעם אָנגעטאָן זיך
ווי אַזאַ הייסער ברענענדיקער זאַק
און אים פאַרשטעלט די וועלט פון אַלע זייטן
און צוגעקוועטשט אַ יעדערן פון זיי.

נאָר אַף דער באַנק זיינען די אַרבעטער — ווי הוילע רייטער
געפּאַנצערטע אין שוים פון אויפגעזעטער זייף;
די היץ האָט זיי קיין טראָפּן ניט געשטערט
אַ יעדערער פון זיי ז׳געוווינט צו פייער;
— וואָס מערער היץ אַלץ פעסטער דאָס געשפּרעך
— וואָס מערער ברען — אַלץ זיכערער און פרייער.

און ס'האָבן ייִדן אין דער הייסער פינצטערניש געבלאָנדזשעט
ווי פאַר אַ הייסן שטורעם — אָפּגעלאָזטע שאָף:
— ס'זאָל איינער כאָטשבי עפּעס אָנזען
— ס'זאָל איינער כאָטשבי טאָן אַ לאָף.

אַז ס'איז געגאַן די היץ באַפאַלנדיק און שווער
און צוגעקראָכן צום האַלדז, צום מויל איז
און ייִדן אויסגעבויגענע מיט קעפּ צו דר'ערד
געשריגן האָבן שוין מיט לעצטע קוילעס:
— געוואַלד וואָס איז עס פאַר אַ שטראָף?
— געוואַלד ווער האָט עס אָנגעמאַכט דעם גענעם?
מ'האָט שמאַטעס צוגעלייגט צום פּאָנעם אין געלאָף
עס זאָל זיך די בערד כאָלילע ניט פאַרברענען;

מיט אײַנגעהאַלטענעם פאַרשפּאַרטן אָטעם
האָט מען די הענט ווי בלינדע דורך דער פינצטערניש געפירט:
— עס איז דאָך גאָר קיין מערכעץ ניט פאַר קיין בען־אָדאָם
— ווער האָט עס קויעך פאַר אַזאַ מין ספּירט?
און ווער ס'האָט זיך געפרווט איז גלײַך אַראָפּ
זיך אויסגעגליטשט און ערגעץ זיך פאַרקויקלט
און — ווער ס'האָט מיט אַ שעפּעלע געכאַפּט אין קאָפּ
און — ווער ס'האָט מיט אַ שעפּעלע געכאַפּט אין הויקער
און אַ געשריי: — וואָס איז עס פאַר אַ בייזער סאָף?
סע טרעפט אַ מאָל אַ היץ. אַ טשאַד סע מאַכט זיך.
איז האָט מען קאַלטע האַנטעכער געלייגט צום קאָפּ
און נאַסע ראַגאַזשעס געלייגט צום האַרצן —
און ווער האָט דען געקאָנט אַ טראַכט טאָן פון דער באַנק?
און ווער האָט דען פון עפּעס וואָס געקאָנט אַ טראַכט טאָן?
פאַרייזנעטע אין היץ איז מען געווען פאַרשפּאַרט
און אויסגעקרעכצט דעם לעצטן אָטעם:
— אַז זינט סע שטייט די וועלט
איז נאָך אַזאַ מין פײַער ניט געווען.

נ'באַ יעדערן אונטער די הענט
געגאַנוועט שעפּעלעך האָט עזרע
און זיי דער כעוורע פליִענדיק דערלאַנגט
וואָס זײַנען טײַוולאָנים נאַקעטע געשטאַנען;

ס'האָט אין די טויערן געהאַקט אַ טויבער קלאַנג
פון אומעטום — פון דאָרטן און פון דאַנען, —
נאָר יעדער ווײַל האָט עזרע זיך געלאָזט
צום יעדער ווײַלע — זיך צעמאַזיקט
און צוגעהאַלטן זיך די נאָז
און ס'האַרץ דערהאַלטן זיך מיט וואַסער —

און אויבן — אַף דער העכסטער באַנק מיט היץ פאַרשטעלט
געזעסן זײַנען אַרבעטער געזייפט זיך מיט געלעכטער:
— ט'אַזוי וועט זיך אַמאָל די גאַנצע פאַדלע וועלט
ווי דאָ אין באָד צעפאַלן און צעפלעכטן.
און ווי געטראָגן וואָלט מען ערגעץ זיך אין ווײַטן
פון וואָלקנס הויכע — זיצנדיק געלענט;
און אויסגעפּאַרעט יעדער וואָרט געטרײַ דאָרט
און אויסגעזייפט עם פלײַסיק מיט די הענט.

געווען מ'איז שוין אַליין פאַרטשאַדעט און פאַרצערט
נאָר אויסגעשטעלט האָט טשעסקים אייגענע טאַקאָנעם:
— פאַרשטרײַקן זאָל דערווײַלע נאָר איין צעך.
— צו וואָס, — האָט קופערמאַן געהיצט זיך — זאָל מען טאָן עם?
— צו וואָס פאַרלײַכטערן גריפּאַרין נאָך דעם טאָנעם?
—אַ בראָך זאָל זײַן אַ בראָך, ביז טיף אין דר'ערד.

און נאָך אַמאָל באַקלערט.
געמאָסטן נאָך אַמאָל אַ יעדער וואָרט מיט מאָסן
אַוווּ און ווען און וויפל אויסהאַלטן אַ יעדער קאָן;
און שפּעט באַנאַכט איז שוין געווען באַשלאָסן:
— פון אויפדערוואָך — באַגינען — הייבט מען אָן.

.22

— מיט מאַזל און מיט לעבן
האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאַנקען גאָט.
כ'האָט מאַזלטאָוו שמועל-אַלעף אָפּגעגעבן
דער גאַנצער שטאָט.
זיי האָבן, ט'ער געזאָגט, שוין אָפּגעטאָן גריפּארין אַף צעלאָכעס
און אַף די באַנטעם האָבן זיי פאַרלייגט די ציין;

געגוג אַ האַלבע וואָך איז,
זיי זאָלן פֿאַלן אױף די קני אַליין.
געפֿונען אַקוראַט
מיט וועמען זיך צו שפּילן — מיט גריפּאַרין;
זיי ווייסן נאָך ניט אַז גריפּאַרי האָט בעיאַד
אין גאַנצן דעם זאַוואָד פֿאַרשפּאַרן.
און ס׳וועלן אַנדערע באַ אים אַ רייכער טאָן מיט פֿאַכעד;
סע וועט אים קלעקן נאָך געגוג. ער האָט.
אַזאַ מין גרעק. אַזאַ גריפּאַרי
ער קאָן מיט גרעקן, אויב ער וויל, פֿאַרפּלייצן דעם זאַוואָד.

פֿערצן טעג איז די פֿאַרמאָוואַטשנע געשטאַנען,
ווי אַזאַ גרויסער זייגער, וואָס מע האָט אַ לאַנגע צײַט
ניט אָנגעצויגן,
און פּונקט ווי קיינער קאָן זיך ניט דערמאָנען...
נאָר ס׳קוקט אױף איר דאָרט יעדער פֿון דער זײַט.
און קיינער לאָזט דאָרט ניט אַראָפּ פֿון איר די אויגן.

געציילט האָט נאָר דער כאַוועך קופּערמאַן
פֿון גאַנצע טעג די שאָען און די רעגעס
און ניט צו זען געוועז איז ווי נ׳אַ יאַם
אַוווּ דער ברעג איז
אַוועק איז נאָך אַ טאָג
נאָך צוויי זײַנען אַוועקגאַן —
געגעבן האָט אַ טראָג
מיט ווײַטע וועגן...

און דײַקע איצט האָט אַלע אינדערפֿרי
זײַן ווײַב אים אָפּגעפּוצט די שיך און זיך געבויגן;
דורך אַלע שווערע טעג האָט דורכגעשטראַלט אַ פֿײַערל אַ גרינס
פֿון אירע שעמעוודיקע אויגן;
כ׳האָט זי געקאָסט אַ סאַך, זי זאָל ניט וויינען —
נאָר אים פֿאַרדײַגעט אומגיין — ניט געלאָזט;
זי איז אַליין אַרײַנגאַן צו אַ שכיינע
אַנטלײַען עפּעס וואָס
די קינדער אָפּקאָכן אַ קאַפּ געקעכין
און ברויט אַ שטיקל — צום פֿאַרבײַס;

זי האָט עס אָנגענומען ווי באַשערטס
און גלאַט ווי ס׳וואָלט געווען אַ בײַזאַך...

נאָר אומעטיק איז אים דעם כאַוועך קופּערמאַן
ער קאָן אין שטוב ניט אײַנזיצן קיין ווײַלע;
ער גיט זיך אַלע מאָל אין עפּעס אַ דערמאָן
און מיט אַ לעכאַ־דודי נעמט ער זיך פאַרוויילן.
אַנטקעגן אים געווינט האָט איצי ליגנער.
געלאַטעט פּאַראַסאָלן און מיט מײַסעס זיך דערנערט;
נ׳אַז קופּערמאַנען נימעס ווערט אין דר׳היים צו ליגן,
איז גיט ער זיך אַ דריי אַהין אַהער
און ביז דער סטעליע ער פאַרציט זיך
און גיט אַ טראָג זיך מיטאַמאָל:
איך וואָלט אַרײַנגעגאַן צו איצין
ווען כ׳וואָלט געהאַט אַ פּאַראַסאָל.
און דאָך ווען קופּערמאַן קערט אום פון גאַס זיך
פון טאָג פון לײדיקן אַליין —
און ס׳ווילט זיך אים ניט זען די קינדערלעך די בלאַסע
די אויסגעניורעטע אין לײם
נ׳ווען איבער אים אַ נאַכט אַ ווינטערדיקע ציט זיך
איז גיט ער אַזאַ טראַכט אין שניי:
— מע דאַרף פאַרקערעווען צו איצין
אַז בלײַבן ווייניקער זאָל פאַר דער היים.

.23

גריפּארי האָט גערופן דעם דירעקטאָר
אַליין געקוקט ערגעץ נ׳אַ בוך, —
פון אויפגערעגטקייט
קײַן מינדסטער שפּור
און בלויז אַ דריי זיך
אַזוי זיך — סטאָפּ —
דאָס האָט געהייסן
— אַ טעלעגראַם.
איין אויג — פאַרהאַקט זיך
און איינס — דערמאָנט;
— מע קאָן פון זאַקסן

אַ צוואַנציק מאַן.
מיט אויג — אַ שיקל
אַהער אַהין:
און עפּשער שיקן
קיין בערלין?
די צאָל צעוואַקסט זיך
אין מויעך — איז גראַם;
ס'גייט שוין קיין זאַקסן
אַ טעלעגראַם.
מע זאָל אַרויסשיקן אַ מענטשן צוואַנציק
געשולטע מײַסטערס פֿון פֿאַרצעלײַ
און נאָך אַ שיקל פֿון אויג דערגאַנצט עס:
— אַן קינד און ווײַב.

ס'איז שטיל.
קאַיאַר.
גריפּאַרי גיט אין רויך זיך אַ פֿאַרהיל
און אַלץ איז קלאָר.

.24

די גאַסן — פֿאַרשלעפּערט
מע הערט ניט קיין ריר, —
און קופּערמאַן עפּנט
באַ איצין די טיר:

— נו, איצי, וואָס הערט זיך?
אַ ליכט אין דער נאַכט.
— מע גאָלט און מע שערט זיך, —
גיט איצי אַ לאַך.

די אויגן — געזאַלצן
אין דרויסן — אַ פֿראָסט —
און דו שלאָגסט נאָך אַלץ זיך
מיט דײַן באַלעבאָס?

נו, שלאָג זיך און רײַס זיך

און ווײַז אים, דעם גוויר;
און הער אוים אַ מײַסע
ס׳פֿאַרלויפֿט זיך מיט מיר.

געוועזן ס׳איז אויך ווינטער
געברענט האָט דער פֿראָסט,
געיאָגט האָבן ווינטן,
געצופּט פֿאַר דער נאָז.

אַ שליטוועגס — מיט שפּאָרן
אַ שניי — ביזן דאַך
און איך — צו דעם פֿאָרעץ
אַ פֿאָר טאָן באַדאַרף.

דער וועג איז אַ ווײַסער,
און ווײַס איז די ערד;
וואָס טויג דיר אַ מײַסע
— אַהין און אַהער,

מע לויפֿט און סע פֿליט דאָך,
ביז גיסט זיך אַ קער,
געשפּאַנט כ׳האָב אַ שליטן
מיט קאַרע צוויי פֿערד.

און אוימער וועויסע,
געזאָגט און געטאָן —
איך פֿאָר מיר אַרויסעט
פֿאַרנאַכט מיטן טאָג.

עס צאַנקט ערגעץ ווי נאָך
אַ פֿײַערל הייץ;
און פּלוצעם — אַ דונער,
און פּלוצים — אַ בליץ.

דער שניי איז ניט שײַך
ס׳אַ סייכל און — גאָר;
און ס׳איז אַ מעכײַע —
מע פֿליט — ניט מע פֿאָרט.

דורך בערג און דורך טאָלן,
מע פילט ניט קיין קעלט.
איך הייב אויף דעם יאלעט,
כ׳„צעשפּיליע דעם פּעלץ.

ס׳איז שפּעט„ צי ס׳איז פרי נאָך —
מע יאָגט ווי נ׳אַ שלאַקס;
אינמיטן דערינען
— פּוץ אַן אַקס.

נו מאָלט אײַך, באַמיט אײַך
איז שטעל איך זיך אָפּ,
און גלײַך פונעם שליטן
איך קריך מיר אַראָפּ.

כ׳באַקוק זיך אַזוי מיר
פּאַוואָליע — אַהאַ.
עס האָט זיך אין קוימען
פאַרטשעפּעט די אַקס.

נו, קוימען איז קוימען.
סע שטייט ניט דער טאָג,
איז אויסע וועווימער
געדעדט און געטאָן —

דעם דישל פאַררײַס איך,
די בויד — אַ פאַרקער;
האַקיצער האַמײַסע,
אַהין און אַהער.

נו, מאָלט אײַך, באַמיט אײַך
איך אַרבעט פאַר דרײַ;
איז — ווידער אין שליטן
און — ווידער מע טרײַבט.

ס׳אַריבער אַ רעגע,
נאָר וויניקער — באַלד.

איז פאַר אונטער וועג איך
אַרײַן אין אַ וואַלד.

אַ וואַלד — ביזן הימל
און גראָז — ביז די קני,
סע שמעקט און סע שימערט
מע זעט עס ניט הי.

די אויגן זיי רײַסן
ס'איז אָטעמען שווער;
וואָס טויג דיר אַ מײַסע —
אַהין און אַהער.

דאָס פּישטשען און גרילצן
איז מויכל. אַן עק.
נאָר עסן פאַרווילט זיך,
אַז ס'פאַלט אָן אַ שרעק.

איז גיב אין דער זײַט איך
אַזוי זיך אַ בויג,
דערזע איך פון ווײַטן
אַ טײַך ווי אַן אויג.

די טיף איז פאַרדעכטיק,
דאָס וואַסער איז קאַלט,
נאָר ס'לויפן דאָרט העכטן
די גרויס ווי אַ קאַלב.

איז מאָל דיר — ס'אַן אַרבעט,
ס'איז גוט, אַז מע קען —
ז'פאַרקאַשערט די אַרבל,
פאַרוואָרפן די הענט

און כאַפּ עפּשער צוואַנציק
מיט איין סמיק.
אַ לייג בײַ דער וואַנט זיי
און ווידער צוריק.

ווי נעמט מען אַ קאָשעק ?
סע דרייט זיך דער קאָפּ.
אַז פיש זײַנען דאָ שווין
ווי קאָכט מען זיי אָפּ ?

אַזוי ווי איך שטיי מיר
אין וואַלד און איך טראַכט,
דערזע איך אַףביימער
אַ בינשטאָק — אַ פּראַכט.

איז לאַנג ניט געטישטערט,
ארויף אַפן בוים,
אַרײַן אינעם בינשטאָק
אַזוי ווי אַהיים.

דעם וואַקס זיך גענומען,
געמאַכט זיך אַ טאָפּ
און מאַך ניט קיין טומל
און קריך מיר אַראָפּ.

צעלייג מיר אַ פײַער
פון דויבעשקעס — פריש,
סע ברענט אַ מעכײַע,
סע קאָכט זיך די פיש.

די פונקען — זיי שמײַסן,
אַף מײַלן מע הערט.
האַקיצער האַמײַסע,
אַהין און אַהער.

נאָך איידער דער וואַקס איז
צעגאַנגען אין פלאַם,
איז זײַנען צעוואַקסן
די פיש זיך אין טאַם.

וואָס זאָל איך דיר ברײַען,
כ׳געדענק עס ביז איצט ;

געבראַכט האָט דאָס פייער
מיט דונער און בליץ. —

קענאָרע שוין איין מאָל
אַ סודע געווען. —
דער פּאָרעץ זאָל קיינמאָל
קיין בעסערס ניט זען.

און קופּערמאַן זיצט זיך
און קייכט זיך און לאַכט:
— אוי האָסטו, איצי,
אַ רייזע געמאַכט.

נו מיילע. קעדיי זיך
צוליב אַזאַ זאַך;
האַקיצער האַמייסע
—אַ גוטינקע נאַכט.

.25

פערצן טעג איז די פּאָרמאָוואָטשנע געשטאַנען,
ווי אַזאַ גרויסער זייגער, וואָס מע האָט אַ לאַנגע צייט
ניט אָנגעצויגן;
און פּונקט ווי קיינער קאָן זיך ניט דערמאָנען...
נאָר ס׳קוקט אַף איר דאָרט יעדער פון דער זייט
און קיינער לאָזט דאָרט ניט אַראָפּ פון איר די אויגן.

עס זיינען טעג געגאַנגען נאָך —
אַף נויט און הונגער אָנגעטייט שוין;
און אַף דער פּערטער וואָך
אין צעך זיינען דערשינען צוואַנציק דייטשן.

צוואַנציק גרויסע מייסטערס,
צוואַנציק הויכע מאַן —
יעדערן באַווייזט זיי
כאַוועך קופּערמאַן. —
יעדן טאָג אין ביר־הויז

טרינקט מען קופלס ביר;
און כעוורע נעמען שפּירן,
ווער — שפּעטער, און ווער — פריִער.

קומט דער כאַוועך קופּערמאַן אַראָפּגעלאָזט די נאָז
און אַ לעכאַ־דוידי ציקלט זיך פון ווײַט שוין:
— אױפן הויכן באַרג און אױפן גרינעם גראָז
שטייען דאָרטן דײַטשן
מיט די לאַנגע בײַטשן —
הויכע מענער זײַנען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי.
וואָס־זשע וועט עס זײַן מיט זיי
וואָס־זשע וועט מען טאָן מיט זיי?
ס'הערט זיך, ווי סע טופּעט דאָרט
הונגער — צו געברויך —
ער גייט און ער קאַלופּעט דאָרט
באַ יעדערן אין מויעך —
טראַכט דער כאַוועך קופּערמאַן
טראַכטן אַלע אויך.

די פּערטע וואָך איז אַף די שטרײַקער
געפאַלן שווער און פינצטער ווי די נאַכט.
ווער אומגעגאַן עס איז פאַרדײַגעט,
ווער אומגעגאַן עס איז פאַרטראַכט.
עס הערן זיך פון הונגער שוין די טריט.
און יעדער טאָג — אַ שאָד איז צו פאַרלירן —
איז האָט מען זיך געטראָפן איינמאָל אינדערפרי:
— מ'עט פרווון צו די דײַטשן אָנשרײַבן אַ בריוו,
אַז מ'האָט זיי אָפּגענאַרט געמיין און טיף,
אַז ס'גייט אַ שטרײַק פון אַכט און פערציק אירע,
און זיי האָט מען פאַר שטרײַקברעכער געבראַכט אַהער צו פירן, —
אַזוי אָנשרײַבן אַ בריוו
און ניט באַמערקטערהייט אים אָפּטראָגן אין ביר־הויז,
ווען טרינקען ביר זיי קומען זיך צוזאַמען
אין אָוונט נאָך דער אַרבעט — שפּעט, —
ס'זאָל עמעץ אָפּוואַרטן אין ביר־הויז דאַמאָלט,
און אַלץ זאָל זײַן באַוואָרנט און דעררעדט.

ס׳צעברעכענען אויגן זיך און ס׳קרעפּטיקן זיך פויסטן,
ס׳צעגליט אַ האָפֿענונג זיך העל און גרויס,
און וועגן יעדער קלייניקייט קומט פֿאַר אַן אויסטויש
און ס׳זאָגט זיך יעדערער אַרויס.
ס׳האָט טשעסקים פֿאַרגעלייגט אַ בריוו,
און טשערנאָמאָרסקי האָט געהאַלטן פֿון אַן אויפֿרוף
נאָר קופּערמאַן ט׳אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן טיף
נ׳אַ מאַך געטאָן: — מע דאַרף אַ פּרווו טאָן
פּאָשעט פּראָסט און בלענדלעך:
— פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער.
און אויב ס׳איז דאָרט פֿאַראַן אַ פּראָלעטאַריש האַרץ
באַדאַרף מען ניט קיין סאַך:
— פֿאַרייניקט זיך און פֿאָטער. און אַ סאָף.
און ס׳איז די זאַך געשלאָסן.
אַרויספֿוואָרפֿן באַדאַרף מען נאָך דערויף
אַזאַ מין וואָרט ווי ברידער און גענאָסן.

די זאַך איז נאָר, וואָס שרײַבן דאַרף מען עס אַף דײַטש
און באַ דער זײַט — אַף רוסיש איבערלייגן,
אַז ס׳זאָל דער פּראָסטער טײַטש
זיך קלעפּן צו די אויגן —
און נאָך באַדאַרף מען — שטיל און שאַ
מיט קאָפּ און מיט געהירן,
אַז פֿאַלן זאָל אַף קיינעם ניט קיין כשאָד,
מע זאָל עס קאָנען ביזן סאָף דערפֿירן.
און אָפּטראָגן באַדאַרף דעם בריוו אַ יאַט,
אַז ס׳זאָל אים איבעריק דערפֿון ניט היימ זײַן;
איז אָנטרויען מע דאַרף עס עזרען — אַקוראַט,
ווײַל יעדער קאָן זײַן טאַטן אויך — שמועל־בייסן.

.26

צו ערשט איז מען געקומען צו אַ העסקעם
צו ערשט איז אײַנגעגאַנגען יעדער איינער: —
דעם בריוו צונויפֿשטעלן זאָל כאַווער טשעסקים,
אויב ניט אַרײַננעמען אין קאָן
דעם צווייטן צאַד, וואָס ס׳ווערט פֿאַר אים געשריבן.

ס׳איז טשעסקים זאַך. ער האָט שטודירט. ער קאָן —
איז שפּאָרן זיך ניטאָ צו וואָס — דעריבער.
און כאָטש ס׳האָט קופּערמאַן באַגערט,
אַז אָנשרײַבן דעם בריוו, מע זאָל וואָס פּראָסטער, —
האָט טשעסקים דאָך אים ניט געהערט,
און אייניקע האָבן געטומלט: — לאָזט אים.
לאָזט אים אָנשרײַבן, ווי ער פאַרשטייט,
און ווי ער וויל און ווי ער קאָן נאָר.
ס׳אָ שאָד די צײַט. די נאַכט — ניט שטייט.
און מירן שוין אַליין נאַכהער עפּעס דערטאָן נאָך.

געזעסן זײַנען אַלע אַרום טיש
מיט פּענעמער פאַרברענט ווי האַלאָוועשקעס;
דאָס אָרט האָט יעדער איינער מיטן עלנבויגן אָפּגעווישט,
ווי שרײַבן האָט באַדאַרפט דער כאַווער טשעסקים.
ס׳איז אויפגעראַמט געווען אין שטוב
נאָר יעדער ווינקל האָט פון זאָרג געלאָזט צו וויסן;

מע האָט זיך צוגעהערט פון ווײַט צו יעדן טופּ,
און טשעסקים האָט די ליפּ זיך אינעווייניק געביסן.
ער האָט געוווּסט, ווי אויסלייגן אין דײַטש אַ בריוו,
און דאָך געוויקלט האָט אַזאַ מין ווײַטער צאַר אים;
עס האָבן קנייטשן אַף זײַן שטערן זיך געזאַמלט טיף
שוין לאַנג, פון זינט ער איז געקומען פון שווײַצאַריע.
ער איז געווען געוווּקסיק שטײַף.
און זײַן געזיכט — פאַרברוינט און ביינִיק,
ווי ס׳וואָלט אין זאָרג אין שווערע זיך געשלײַפט,
נאָר ס׳איז די זאָרג געווען אַזוי באַכייניקט...
עס האָט אין גאַנצן רוסלאַנד ניט געקלעקט
קיין אָרט פאַר זײַנע קײַלעכיקע „פינעפן”, ווען ער האָט זיך געווענדעט;

איז ער די גרענעץ גאַנווענדיק אַוועק
מיט קענטעניש פאַר זעקס סטודענטן.
ער איז אַוועק פון דר׳היים — בעשאָס
פּאָגראָמען זײַנען זיך אין לאַנד צעוואָקסן;
זײַן טאַטע האָט געקאָנט אַף אויסנווייניק שאָס,
און אים האָט זיך געוואָלט אַף אויסנווייניק — מאַרקסן.

נאָר שווער זיצן טעג אַ וואָרט פון אים אַ פּרעס,
די גאַנצע וועלט ז׳ער אויסגעוועזן שוין;
מע זאָגט, אַז ער איז בייַגעווען אַף אַ קאָנגרעס,
ווו ס׳האָבן אָפּגעהאַלטן רעדעס זייער גרויסע מענטשן...

האָט ער זיך ניט געדולט קיין סאַך
דעם גאַנצן טומל דורכגעלאָזט פאַרבייַ זיך;
און קופּערמאַן, באַטראַכטנדיק דאָס קסאַוו,
האָט שטיל געשטעלט עפּעס צום טיש פאַרבייַסן.
נאָר טשעסקיסן אַפן פּאַפּיר געוועזן ענג איז,
אַ יעדער שורעלע מיט פלייַס האָט ער געפּרעסט,
אַרייַנגעשטעלט אַ וואָרט פון פרידריך ענגעלס
און ניט געזשאַלעוועט קיין זאַץ פון מאַניפעסט.
אַדורכגעקוקט האָט ער עס פריִער אַליין
פון וואָרט בּאַ וואָרט, ביז זאַץ ביז לעצטן —
דערנאָך האָט ער פאַר אַלעמען געלייענט,
און טשערנאָמאָרסקי האָט אַף רוסיש איבערזעצט עס.
באַוויליקט האָבן אַלע עס אין איין מינוט
בלויז קופּערמאַנען ס׳עפּעס נאָך געגאַן אין לעבן:
— אָט דאָס, וואָס קאַרל מאַרקס איז זייער גוט,
נאָר מ׳וואָלט באַדאַרפט עפּעס אַרייַנשטעלן פון אַווגוסט בעבעל...

ס׳האָט טשעסקים אָפּגעאָטעמט טיף
און קופּערמאַן ט׳אַף אים געקוקט ווי דורך אַ נעפּל,
און נעמענדיק אַף אונטערשריפט דעם בריוו
אַ זאָג געטאָן: — אַ פּראָסטער סטאָליער... אַווגוסט בעבעל...

.27

אין ביר־הויז האָט געברענט אַ לאָמפּ פון בלעך,
געהויבן האָט ער שאָטנס העכער פון דער סטעליע —
געשטאַנען באַם בופעט איז אַ באַיאָרטער טשעך,
אַרומגעפלאַנצט מיט פאַרביקע געפילטע טעלער,
פאַרקילטע כאַזערשע פּעטשאַ
און פעטן סעלצעסאַן און סאַלע רויער;
געקראָכן איז אַ טשמעליענדיקער טשאַד
צו אים אין קאָפּ פון כאַזער־האָר און שטרויען;

עס האָט זיך דאָרט באַ אים אין הויז
געדעמפּט אין גרויסע בלעכענע פאַרעכקעס
אַף שטעקנס אויפגעהאַנגען — ווורשטן — קײַלעכיק און גרויס,
ווי בייגל אָנגעבלאָזענע געדיכט מיט בלוט און הערנער —
עס האָט זיך אַ פּאַרמעגן דאָרט געדעמפּט,
עס האָבן זיך אים פּעטע זונטיקס דאָרט געפּרעגלט —
איז ער געשטאַנען און געצויגן טעמפּ
די פּאָרצעליענע ליולקע — יעדער רעגע.
ער איז געווען נידעריק און פּעט
און אָנגעגאָסן ביז צום פּלאַצן.
ס'האָט זיך געדוכט — ער דרעמלט, שטייענדיק דאָרט באַם בופעט,
און הערט ניט, ווי מע רופט אים: — פּאַני וואַצלאַוו.

דער מעשענער נאַסאַס, וואָס איז געווען געפּאַסט
אינעם בופעט און ס'גאַנצע הויז באַצירט אים,
האָט זיך געדוכט — איז אײַנגעשרויפט ניט נאָר אין פּאַס,
נאָר אויך אין שטאָלצן וואַצלאַוו דעם כאַזירניק.
און אַז מע פּאָמפּעט אָן אַן אָקע ביר,
און ס'גיט דער שוים דאָרט אַ צעגלאַנץ זיך,
איז דוכט זיך, אַז ס'געטראַנק גייט דורך פּאַרפּריר
דורך אים — דורך דעם כאַזירניק וואַצלאַוו.

אַרומגעוויקלט האָט זײַן האַלדז אַ שטרענגע באָרד,
ווי אַ פּאַרצײַטיק-קריגערישער האַלדזבאַנד;
זי האָט אַ קאָלנער אים און אויך אַ שניפּס פאַרשפּאַרט
און אין זײַן שטאַם שטאָלצירנד האָט דערמאָנט זי;
אַזוי אין גרעסטן פּראָסט באַם אָפּשטעכן אַ כאַזער
איז ער געשטאַנען אָנגעטאָן ניט מער
ווי אין זשילעט. פון אונטער איר — אַן אויסגענייטער פּאַזעך,
און אין דער באָרד דעם קאָפּ געדרייט — אַהין אַהער,
דעם מעסער ווי אַ ריטער ברענגען זיך באַפעלט,
און פאַרן בלוט אים צוגרייטן מע זאָל די קיילע —
געלעגן ווי אַ כאַזער איז פאַר אים די גאַנצע וועלט,
וואָס ער, פּאַן וואַצלאַוו, דער כאַזירניק דאַרף זי קוילען.

איז גרינגשעצונג און ביטל
געוועקט באַ אים אַ יעדער קוינע האָט ניט מער.

און וואַכזאַמקייט אין שענק האָט ער פאַרביטן
אַף טראַכטונגען אַף גרויסע וועגן מערק
און ניט באַמערקט
און האָט קיין צייט געהאַט צו שפּירן,
ווי ס'האָבן מענטשן זיך באַ אים געמערט
נ'ווי ס'איז אַ שנעק אַריינגעגאַן אין ביר־הויז;
כאָטש באַ אַ טישעלע — ניט ווייט פון קראַן
געזופּט האָט דער אוראַדניק, קוקנדיק צי עמעץ איז נישטאָ נאָך.
אַרויסגעכאַפּט האָט ער זיך זידלענדיק אין גאַס נאָר דאַן
ווען ביזן האַלדז איז אים שוין צוגעגאַנגען די האַשטאָנע.

איז דעמאָלט עזרע מיט דעם בריוו אַריין
געזעצט זיך באַ אַ טישל מיט אַ האַלבער אָקע.
אַ רעגע. צוויי און דריי —
נ'דעם בריוו האָט ער די דייטשן צוגעטראָגן.

דעם בריוו געלייענט האָט מען שטיל.
די קופּלס אויפגעהויבן האָט מען ראַשיק.
ס'האָט איינער זיך אין רויך געטאָן אַ היל,
און איינער האָט אַרויפגערוקט דעם דאַשעק,
נאָר אַלע האָבן גלייך געקוקט פאַרוווּנדערט.
און אַפן טישל דעם פאַרגאָסענער מיט ביר
האָט מען מיט פינגער אויסיעס געצייכנט רונדע
און איינער האָט מיט בלייפעדער געטאָן אַ פיר...

מע לייענט ווידער. נאָך אַ מאָל. און מער.
די אויגן גיסן זיך באַ אַלע אָן מיט כמאַרע.
דאָס לעצטע ביר דערזופּט מען שווער:
— ער האָט אונדז, הייסט עס, אָפּגענאַרט דער העסלעכער גריפּאַרי
און אונדז ווי שטרייקברעכער פאַרפירט אַהער...

ס'האָט עזרע, קוקנדיק אַף זיי, געטרונקען ביר,
געפילט, ווי וואַצלאַוו דער כאַזירניק מיט די אויגן פרעסט אים,
ווי ס'גרינט פון זיי אַרוים זיך סאַם און ספּירט;
נאָר ס'האָט זיך דאָס געשפּרעך דאָס דייטשישע געפּעסטיקט.
ס'האָט איינער פון זיי גלייך די קופּלס אָפּגעשאַרט דאַרט,
און איינער האָט זיי צוגערוקט — אַ זאָג געגעבן: — שטיי.

איז ... דאַרף מען מאָרגן זיך צערעכענען און — פאַרטיק.
פונעם געהאַלט — די שטרײַקנדיקע אָפּגעבן אַ טייל
און הייסן זיך באַשטעלן פערד
אַפילו הײַנט אין אָוונט — שפּאַנען;
—איז איינס און צוויי —
האָט איינער הויך דערקלערט:
— פאַררײַזן מיר פון דאַנען.

ווען עזרע ז׳מיטן ענטפער דורך אין פּאַכער אַ פאַרהילטער,
איז דער אוראַדניק נאָך אין שניי געשטאַנען ביז די קני
און דרײַ מעלאָכעס מיט אַמאָל ט׳ער אויסגעפילט דאָרט
און מיטן מויל געבאָמבלט האָט ער: — באָזשע צאַריאַ כראַני...
די דײַטשן האָבן גלײַך פאַרלאָזט דעם שענק. באַשלאָסן. האַרט.
פון פענצטער נאָכגעקוקט האָבן די לעמפּ מיט זשאַווער
און צוגעשמידט צום שניי האָט דער אוראַדניק מיט די הענט געמאַכט:
— סיל-ל-לניע דיער-זשאַ-זש-זשאַווער... ר-ר-ר-ר-ר.
די פינצטערניש באַלעקט האָט מיט זײַן קאָל זיך ווי מיט האָניק
און אײַנגעשלונגען שעמעוודיק האָט עס דער שניי;
צוויי פּאַסן מוטנע ליכט פון ביר-הויז ווי פּאַגאָנעס
האָבן זיך מאַלכעסדיק אַף שיקערן אוראַדניק דאָרט געלייגט.

.28

און ערעוו דעם אָפּפאָר
די לעצטע נאַכט
צוזאַמענגעטראָפן —
אין איינעם פאַרבראַכט.

פאַרשנייט דער אַרום איז
פון ראַנד ביז ראַנד —
דער ערשטער געקומען
איז קופערמאַן.

די ווײַטן די טריבע
פאַרהילט אין ווײַס;
אַרײַן מ׳איז אין שטיבל.
איינציקווײַז.

געקנאַקט האָבן ביימער
אין קלעם פון פראָסט —
אין דרויסן שטייט איינער
— מאַלע וואָס ?

דער ווינט גיט אַ רײַס זיך,
ז'אַ קוק צו דער טיר —
געשטעלט צום פאַרבײַסן
מ'האָט ווורשט און ביר.

די פענצטער — פאַרבלומיקט
פאַרשנייט — דער אָרום
דערהערט זיך אַ טומל,
איז קוקט מען זיך אום . . .

די שטרײַקער — אָן היטלען,
די דײַטשן — אָן רעק ;
ס'איז שווער זיך פאַרמיטלען
נאָר רעדן — מע רעדט.

ס'גיט ווער זיך אַ רוף אָן,
איז ענטפערט אים ווער —
עס הייבן זיך קופלען
און טרײַהײַט מע שווערט.

ווי אַלטע באַקאַנטע
ווי ברידער און פרײַנט ;
עס לייגט זיך אַ האַנט אין
אַ צווייטער אַרײַן.

און ווידער אַ גאָס און
פונסניי — באַ די הענט —
און : — ליבע געגאָסן,
זיך קופערמאַן ווענדט.

אַ וואָרט ט'ער געהאַט דאַ
ווו איז עס ? קומט אָן.

— נו... אַף באַריקאַדן
וויר טרעפֿן זיך זאָגסט.

פֿון ראָש אַ געוועב איז
נאָר עזרע רייַסט דורך:
— צי האָט מען ניט עפּעס
פֿון בעבל אַ בוך?

ער רעדט עפּעס גיך היינט,
ער שעמט זיך צו נייַן —
אין דרויסן אַ וויכער
אין דרויסן — אַ שנייַ.

עס קוקן אין טומל
די דייַטשן זיך אום —
די פֿענצטער — פֿאַרבלוטיקט
און וויסט — דער אַרום...

פֿאַרגרייט אַ קאָנווערט איז
מיט אויסגעציילט געלט;
נאָר בליקן זיך פֿלעכטן
— ס'האָט עפּעס פֿאַרפֿעלט.

נ'ווען ס'גיט זיך אַ ליד דאָרט
אין שטוב אַ צעברייַ
ווענדט איינער זיך: — ברידער,
דאָס געלט איז פֿאַר אייַך.

ס'איז פּונקט אַקוראַט דאָ
פֿאַר אונדז און פֿאַר אייַך
מיר קערן קאַמעראַדן
זיך אַלע אָן גלייַך.

און ציִענדיק פּראָפֿן,
פֿאַרענדיקט ער גיך:
— דאָס איז ניט קיין אָפּפֿער
— ס'איז איינפֿאַכע פּליכט.

און ווידער אַ גאַס, און
פונסניי — באַ די הענט
און ליבע גענאָסן —
זיך קופּערמאַן ווענדט:

דאָס וואָרט — אַקוראַט איז
אַט איז עס. איז — זאַל.
איז אַף באַריקאַדן
מיר טרעפן זיך זאָנסט.

איז טרינק, מע ווונטשעט
זיך אַלעמען צו —
קאַיאָר באַ דער זון־שיין
מ׳עט זײַן שוין אין צוג.

---

פ׳איז אַוועק אַ טאָג. און צוויי. קיין דײַטש איז מער דאָרט נישט געווען,
אָן אויפגעוועקטער האָט דער צעך געלאָזט זיך ווי אַ ראָד;
און נאָך אַ טאָג. מיט קופּערמאַנען און מיט אַלעמען האָט עזרע
באַגלײַך געמוזט פאַרלאָזן דעם זאַוואָד.

29.

זיבן שטויביקע ווערסט צום וואָקזאַל
זיבן הילצערנע סלופּעס ווערסטאָווע;
אַ שאָטן פון יעדערן פאַלט
ווי אַ האַנט, וואָס בעט אַ נעדאָווע.

זיבן שטויביקע ווערסט צום וואָקזאַל
זיבן הילצערנע סלופּעס ווערסטאָווע;
אַ בויד — געהויקערט און אַלט.
ס׳האָבן זיבן פאַרשווין זיך געטראָפן...

די פענעמער — איבערגעבראָכן,
אַף יעדן — צו טויזנטער יאָרן;
ווער ווייסט — ווו זיי זײַנען געווען
און פונוואַנען זיי קומען צו פאָרן?

אין שטאָט אַרײַן איז נאָך װײַט,
דער װעג איז ערגעץ פֿאַרלאָפֿן ;
זיבן ייִדן — אָרעמע־לײַט,
מיט מײַלער װי טאָרבעס — אָפֿן.

אײנער — פֿון אַ יאַריד
דער אַנדערער — פֿון קיװעראָװעס ;
ביזן בײן אַדורך זײַנען טריט
פֿאַר די זיבן סלופּעס װערסטאָװע.

אין רוים איז שטיל און געראַם,
װײַטן ליגן צעעפֿנט.
דער דריטער ז׳געפֿאָרן סטאַם —
טאָמער מ׳זיך עפּעס טרעפֿן.

טויזנטער יאָרן — פֿאַרמעקט
טויזנטער יאָרן — פֿאַרבאָרגן ;
אײנער שאַצט דאָס פֿאַרמעג
באַם שאָכן אין דער טאָרבע.

באַ יעדן דער קאָפּ — אין אַ זײַט
באַ יעדן די אויגן — צאַנקען ;
דער פֿינפֿטער — אַ שטרויעלע קײַעט
און עמעצן שעלט אין געדאַנק ער.

אַף אַרום און אַרום איז פֿעלד,
עס הוידען זיך װײַטן קלאָרע;
מ׳האָט זיך אַלע געלאָזט אין דער װעלט
אַזױ װי צ׳אַ װײַטן קאָרעװ.

עס קרעכצן די קאָרענע אַקסל,
ס׳װילן רעדער אַראָפּ פֿון דער בויד ;
דער זעקסטער כאַלעמט אַ קנאַסמאָל
פֿאַר אַן אַלטער פֿאַרזעסענער מויד.

און ס׳ציט זיך דער װעג — אַ מידער
אַ פֿור אַנטקעגן — ז׳אַ טרײסט ;

צעווישן די רײַזנדע ייִדן
ז'דער זיבעטער — שמועל־ביים.

געשיקט האָט אים ערגעץ שמול־אַלעף
אַ כילעק — ווזהין און ווער;
אַ קרעכץ איניינעם מיט אַלע
דערלאַנגט ער פאַרהאַרעוועט און שווער.

און עפשער וואַרט דאָרט שמועל־אַלעף?
אַ כילעק — יאָ צי ניין;
אַן עוויען ווערט ניט פאַרפאַלן,
וועט ער קומען שפּעטער צו גיין.

די בײַטש אין דער לופט — אַ דריי
די בײַטש — אַ פּאַכע אַ פּוילן;
דער זעלביקער וועג — איז אַהיים
דער זעלביקער וועג — ז'צום בייסוילעם.

דער זעלביקער וועג — ער איז אַלט
און איינער — אין גאַנצער געגנט;
אַף אַ ליידיקער פור צום וואָקזאַל
פאָרט עזרע אַן אַנטקעגן.

— „שוין?" — האָט אַ שאָקל שמועל־ביים זיך
צו עזרען געטאָן אין דער זײַט;
אַ שמייכל געגאַן איז אַ הייסער
ווי אַן ענטפער פון זייער ווײַט...

אַף דער מיט פון וועג — אין געקרעכץ
האָט די בויד מיט דער פור זיך באַגעגנט;
ס'האָט איינע גענומען רעכטס
די צווייטע איז ווײַטע אַוועקגאַן...

דער ראַנד איז צעלייגט ווי אַ שוועל,
ס'איז עזרען נאָך ווײַט צו פאָרן;
עס וואַרט שוין דאָרט ערגעץ די וועלט
אַף נאָך אַן אָרעמען קאָרעוו.

זיבן שטויביקע ווערסט צום וואָקזאַל
זיבן הילצערנע סלופּעס ווערסטאָווע;
אַ שאָטן פון יעדערן פאַלט,
ווי אַ האַנט וואָס בעט אַ נעדאָווע...

30.

עס האָט זיך גרינס געגעבן ווידער אַ צעלייג
דער זומער האָט פונסניי געלאָזט זיך יאָגן;
פון וואַלד האָט אַלעמען פון גרויס ביז קליין
אין שטאָט אַריין אַוועקגעטראָגן;
געבליבן איז אין וואַלד שמועל-ביים אַליין
אַף ערעוו כאָגע.

די זעגמיל האָט גערוט
פון קיינעם ט'ניט געהערט קיין שאָרך זיך.
וואָס נאָר סע ווילט זיך, פרעגט ער ניט און טוט:
ס'איז קיינער ניט געווען פון די מעשאָרסים,
און ס'האָט שמועל-ביים געפילט זיך גוט,
אַ יעדער קלייניקייט ז'צו אים געהאָרכזאָם.

די שפּיצןביימער — פונקט ווי אָפּגעריבן מעש,
דער הימל — אַזאַ היימישער און העלער —
איז פלוצעם ווי אַ כמאַרע אָנגעקומען אַ דעפּעש.
שמועל-אַלעף האָט אַליין געפאָדערט אַ באַשטעלונג:
אַז אָנשנײַדן מע זאָל דעם זעלבן טאָג
אַ פּאַרטיע סכוירע פאַר גריפּארין —
ס'זאָל זײַן געטאָקט
און ניט געשלעפּט,
אַזויפיל אין דער לענג אַזויפיל אין דער גרעב
און זײַן ס'זאָל פּינקטלעך אין דער מאַרע.

אַ יעדער אָס
האָט אים אַ וואָרף געטאָן אין פּיבער,
ער ווייסט אַליין ניט וואָס
נאָר ס'האָט געיאָגט און אים געטריבן.
ס'איז אים געוואָרן הייס,
אַ זעץ געטאָן האָט פון דעם היטל שוויים,

דער גאַנצער וואַלד האָט זיך געטאָן אַ וויג
און ווערטער שפּרינגען הין און צוריק:
די לענג. די גרעב, און נאָך. די מאַרע;
דערפילט האָט ער איבער זײַן קאָפּ אַ כמאַרע.
און ווידער אַ וואָרט
דערלאַנגט דאָרט אין מויל אים:
— וואָס קומט עס דאָ פאָר
ריבוינע שעל אוילעם;

צו ערשט האָט די דעפּעש געקײַעט בלויז שמועל-בײם
פּונקט ווי אַרויסגעשפּראָצט וואָלט זי אים פון דער באָרד;
נאָר ניט געזען האָט זיך קיין טרייסט —
עס האָט זיך ניט געקלעפּט און ניט געפּאָרט
קיין אַלעף מיט קיין בײס.
דערנאָך האָט ער גענומען לויפן דורכן וואַלד
בײַ יעדן בוים זיך אָפּגעשטעלט דאָרט;
געקוקט און זיך אַליין געמונטערט: — באַלד.
און מיטאַמאָל — אַן אויפגעקוועלטער
צוריק געטאָן אַ לאָף.
צו זיך, צו זײַן געלעגער,
ווו ער שלאָפט;
געקלונגען האָט אין קאָפּ אים ווי מיט גלעקער,
און פריר,
נאָך איידער עפענען די טיר,
געעפנט האָט ער די געמאָרע
נ'זי פאַרמאַכט
און אויפגעעפנט ווידער.

ער האָט זיך דאָרט אַ לאַנגע צײַט געפּאָרעט,
אַ יעדעס אָס צעקײַעט און צעגלידערט.
ווי אָנגעקומען וואָלט אים די דעפּעש פון דער געמאָרע.
און אויסגעפונען האָט ער לויט דער כאָכמאָס האַמעדינע
דעם גאַנצן סייכל פון דער זאַך —
אַז אויב אַ קלאָץ האָט קאַך וועקאַך
און שנײַדן דאַרף מען אים אַף גלײַך,
איז פריִער אויסציילן די קרײַזן לויט די יאָר(ן)
און ווײַפל האָט זי אין דער ערד געוואָרט.

און ס׳איז אים אַלץ געוואָרן לײַכט
און קלאָר.
געווען שמועל־ביים איז שטאַרק צופרידן,
וואָס זײַנע קענטעניש גילטן צו דער זאַך,
וואָס שעמען האָבן זיך מיט זיי ניט וואָס קיין ייִדן, —
וואָס ס׳איז בעפּיירעש קאַך וועקאַך.
עס איז פאַר פרייד געגאַן פון זײַנע ליפּן אַ געדרעש ;
ער האָט שמועל־אַלעפן געגעבן אַ דעפּעש
אַז דאַנקען גאָט ס׳וועט אַלעס זײַן בעטווו.
געשיקט אַ צווייטע האָט שמועל־אַלעף, אַז סע ברענט,
האָט ער שמועל־אַלעפן דערלאַנגט אַ דריטע,
אַז ער לעשט.
און ניט אַרויסגעלאָזט די געמאָרע פון די הענט
און ניט געמאַכט אָן איר קיין טריט דאָרט
און מ׳האָט אַזוי דאָס געהיליץ גענומען צו דער שכיטע.

מ׳האָט עס אַ גאַנצן טאָג געקוילעט און געשאָכטן,
אַרומגעלאָפן איז שמועל־ביים מיט דער געמאָרע
ווי מיט אַ וווּנדערלעכן מעסער —
ניט צוגעמאַכט אַף קיין מינוט דאָס מויל האָט
און זיך געדרייט און זיך געסטאַרעט
ניט זײַן כאָלילע זאָל קיין העזעק
און — אָפן אויג און — מיט דער מאָס,
אַז ס׳זאָל כאָלילע ניט אַרײַן קיין טאָעס
און מ׳האָט אַזוי געשאָכטן ביז פאַרנאַכט

און קלאָץ נאָך קלאָץ ווי פרײדעקעס מע האָט געשלעפּט
און אויסגעוואקסן איז אַ גאַנצער סטאָס
מיט דראַנעצעס מיט שפּענער און מיט קאַך־וועקאַך
מיט אײַלן אין דער לענג
מיט טפאָכים אין דער גרעב,
און פון די שפּענער איז דעם וואַלד שוין ענג.
נאָר ס׳האָט שמועל־ביים געקוועלט און איז געווען צופרידן.
וואָס זײַנע קענטעניש גילטן צו דער זאַך.
וואָס שעמען האָבן זיך ניט וואָס קיין ייִדן
און וואָס ס׳איז קאַך וועקאַך.
און מ׳האָט אַזוי געשאָכטן ביז פאַרנאַכט.
און קלאָץ נאָך קלאָץ ווי אָקסן מ׳האָט געצויגן —

און אַז שמועל־אַלעף איז געקומען און ט׳באַטראַכט
איז אים געוואָרן פינצטער אין די אויגן:
— וואָס האָט מען דאָ געמאַכט?...
— וואָס איז עס פאַר אַ קאַך־ווּעקאַך?
צו אַלדי שוואַרצע יאָר
— ווּ איז ער דאָרט?
אַז אַלץ מע טוט און אַלץ מע ווייסט —
איז ט׳האָסטו דיר אַ סעדערע שמועל־בּיים.

אַרײַנגעלאָפן ווי אַ פײַער אין קאַנטאָר
איז ער מיט שוים מיט גרינעם אַף די ליפּן
און אַלץ דערלאַנגט דאָרט אַ צעטאָר
און ס׳האָט זײַן קאָל מיט גאַל געגומען כריפּען.

געלעגן אַפן טיש איז אַ געמאָרע אויפגעעפנט
ווי ס׳גרויסע הויפּט־בוך פון שמועל־אַלעפס האָב און זײַן פאַרמעג;
געשפּרונגען איז פון דאָרט דער אַמאָ און דער טעפּאַך, —
האָט ער געשפּיגן קלעק:
— ווּ איז ער דער שלימאַזל דאָרט?
איך וועל אַף שפּענער אים צענעמען.
— פונוואַנען האָט זיך עס אַף מײַנע יאָר
גענומען אַזאַ קאַך־ווּעקאַך — אַ נעמען?
ער האָט געקלאַפּט אין טיש
אַראָפּגעשלײַדערט די געמאָרע און דעם טינט און די פּאַפּירן
עס האָט אין קאָפּ אים אַלץ זיך אויסגעמישט:
— איך וועל זיך דאָ פון זינען רירן...

האָט דאַן שמועל־בּיים אַ כאַפּ געטאָן די געמאָרע
און שרײַענדיק געלאָפן ז׳ער גיך שלאָגן;
ער האָט אים אין דער באָרד געטיטשעט די געמאָרע און גערוקט:
— אָט האָסטו אָגער
— קוק.
עס האָבן זיך פאַרהיקעט דאָרט די טריט אים
און אַף זײַן מויל ט׳באַוויזן זיך פון גאַל
אַ שפּור
— וואָס האָסטו זיך אַף מיר צעשריגן, בור?
און נאָך אַ מאָל און ווידער

— געמאָרע איז געמאַרע.
אַף אַלע ייִדן פון דער וועלט איז כאַל
די כאַכמעס האַמעדינע.
אַט האַסטו פּסוקים קלאָרע.

עָר האָט זיי אים געטיטשעט אין דער באָרד,
און ס'האָט זײַן קאָל געדונערט און געשאַלט
פאַר אַלע זײַנע אָרעמע פאַרשעמטע יאָר איצט:
— וועסטו מיך לערנען שנײַדן וואַלד,
דו פינצטערער אמאָרעץ?

ס'האָט נאָך אַ מאָל אַ שפּײַ-געטאָן שמועל-אַלעף
און זוכן עמעצן אַ לאַף געטאָן אין וואַלד
געשריגן צו די ביימער אַלע
אַזוי ווי צו די אייגענע מעשאָרסים
און דאַכט זיך — פון די פּיס ער פאַלט,
ער פילט ניט, ווי אין יעדן בוים דערלאַנגט ער אַ פאַרשטאָך זיך
און פײַער פון זײַן מויל ז'געגאַן ווי פון אַן אויוון:
— איך האָב געטײַנעט, אַז מע דאַרף ניט אין געשעפט קיין קרוווים.
מע קאָן אַ קאָרעוו שענקען אַ נעדאָווע
מע קאָן אַ קאָרעוו נאָך אַרײַנשיקן אַף פייסעך
מאַצע.
מע קאָן, מע קאָן... און ווײס איך
וואָס מע קאָן?...
ער גיט דאָס מויל אַ רים
און סע פאַרזידט
ס'צעשפּאַרט די ליפּ זיך ווי אַ טאָוול:
— אַ שטראָף פון גאָט דאָס איז.
— כאָטש ווער אוים ייִד
— כאָטש
שמאַד זיך.
אַז ס'איז — ניט גיין און ס'איז — ניט פאָרן...
נאָר אין דער וועלט ערגעץ, אַנטלויף... אין מיטן נאַכט...
— נאַ דיר אַף מײַן קאָפּ שמול-ביים מיט אַ געמאָרע
מיט אַ קאָך-וועקאָך...
און ווען דער מאַצע-כאָגע איז אַריבער
האָט מען שמועל-בייסן פונעם וואַלד פאַרטריבן.

31.

ס׳האָט עזרע ניט געוווּסט געני,
ווי ס׳גייט דאָרט צו בײַ קאַטשקעלעך דאָס שווימען —
כאָטש ס׳האָט זײַן טאַטע איין מאָל אים פאַרטרויט
דעם מאָשל צווישן ערד און הימל.
ווען זיי צום ערשטן מאָל זיך לאָזן
אַליין — אַף אייגענעם באַראָט;
און ווער פון זיי עס בלײַבט פאַרלאָזן
און ווער ס׳העלפט און ס׳פירט דאָרט גאָט...

געוווּסט האָט עזרע ביז צו לעצט
אַז אַף קריג — מיט אים — באַלאָדן
אַרוים באַוואָפנט ז׳דאָס געזעץ
און דער צווייקעפּעדיקער אָדלער
און ער איז הויל און ניט באַלעבט
און ער איז יונג און ניט באַרעכנט —
און ס׳קאָן אים ערגעץ טאָן אַ שלעפּ,
אים אין אַן אויגנבליק צעברעכן.
ס׳האָט יעדער שטיין פון גרויסער שטאָט
און יעדער גרילץ — אַף אים געלאָקערט;
נאָר זיכער איז געווען זײַן טראָט
און ס׳האַרץ — פונאַנדערגעוויגט און גלאָקיק,
און ס׳האָט דעם וועג אים ניט פאַרשטעלט
און ניט — די זון, און ניט — דעם הימל;
געהערט האָט ער די גאַנצע וועלט
ניט מער ווי זי געהערט דאָרט אים האָט.
עס זײַנען טעג אַזעלכע בלאָנדע
און אַזוי ווייך דאָ זײַנען נעכט
און אַלץ וואָס ס׳ווילט זיך — — זײַן מע קאָן דאָ
אַפילע לעבעדיק אַרײַן אין דר׳ערד.
מע קאָן דאָ אַלץ — אי זײַן אַ טרעגער
ס׳איז אויך אַ פאָרט דאָ גרייט — פאַראַן;
באַזאָרגט ער בלויז זיך אַ געלעגער,
ה׳עט אַלץ שוין זײַן בײַ אים אין האַנט.

מיט היימיש קלומעקל פון וועגן
און מיט געמיט פון ווײַטן קאַנט —

דער שטאָט האָט אין די ערשטע טעג ער
זיך פאָרגעשטעלט, געמאַכט באַקאַנט:
— אָט דאָס איז ער — שמועל-בוים דעם נעמענס
אַ יונג מיט פלייצעס — הויל און פעסט,
וואָס קאָנען לאַסטן אַף זיך נעמען,
און דאָס איז זי — די שטאָט אַדעס.
די אויסגעלאַסענע, די הייסע
—אין בלויע שלייערן פון ווייט און יאַם —
— נו פאָדער אויף, באַפעל און הייס אים
פאַרזוכן פון דיין נויט און סאַם.

אַף אַ פאַרוואָרפן —אַלטער גאַס
ז׳א הויף מיט שלעפּ-וואָגנס געוועזן;
אַן אומגעבעטן — אָפּטער גאַסט
איז דאָרטן גלייך געוואָרן עזרע.
ער קומט אַהין, ווען טאָג פאַרגייט,
עס פאַלט אַף אים דאָרט אַן איימע;
מיט דישלס ווי מיט הענט צעשפּרייט
זיך שטרעקן שלעפּ-וואָגנס געהיימע;
צו אויסגעהונגערט-דאַרע הענט
אַרומנעמען מע זאָל מיט זיי זיך
און דורך דעם גרויסשטאָטישן בלענד
צעגרילצן זאָלן זיי זיך בייזע.
מע קומט צוגיין צו זיי באַגינען
מע שפּאַנט זיך איין אַף אַ מעסלעס;
— אַז וויפל דאַרף מען עס פאַרדינען?
דעם טויט באַצאָלט די שטאָט אַדעס.
נאָר מיטן בעזעם צווישן פיס
דער וועכטער שרייט און שפּייט און רייכערט;
כאָטש שטערן וואַרפן זיך ווי פיש
און אַזוי נאָנט זיינען די הויכן...
דער הויף — מיט שווייס און לייב פאַרשטאָפּט איז
און ווי אַ שטיינערדיקער גראַט
אַריינגעמויערט איז דער אָפּטריט
מיט גלאַנץ פון סמאָלענעם פאַרזאַט.
און ס׳טראָגט פון דאָרטן מיט קאַרבאָלקע
און שטשורעס האַלטן דאָרט ניט אויס

זיי לויפן אום איבערן פּאָל דאָרט
ווי קעץ פאַרשמירטע — גראָ און גרויס,
און אין דער הייך — אַ הימל שפּרייט זיך
און שטערן וואַרפן זיך — אַ יאַם;
נאָר עזרע מיט אַ זאַק אַף פּלייצע
אַ נאַכטלעגער זיך ריכט און צאַמט.
ער דאַרף אַ שלעפּ־וואָגן אַ פיר טאָן
אַ ביסל טיפער אין אַ זײַט;
דאָס איבעריקע איז ניט וויכטיק
און וואָס ס׳וועט זײַן אָט דאָס וועט זײַן.

נ׳ווען צוגעשלאָסן ווערט דער טויער
באַם לעצטן שפּײַ פון וועכטער — שפּעט —
פאַרבײַט דער שלעפּ־וואָגן אין טרויער
אַ היים אַ צימער און אַ בעט,
באַקלאַפּט דער שלעפּ־וואָגן מיט טשוועקעס,
מיט שטיקער אײַזן בראָך און בלעך
נאָר — הויך — אַ שטערנדיקער וועג איז
און ווייך און מילד זײַנען די נעכט.
איז האָט שוין עזרע אַ געלעגער —
וואָס נאָך באַדאַרף ער דען? וואָס מער?
מע קאָן דאָ אַליין — אי זײַן אַ טרעגער
און לעבעדיק אַרײַן אין דר׳ערד.

32.

אַוועקגעפירט פון דר׳היים האָט עזרע אין אַ קויש
אַ לאַנג ברויט און אַ פּאָר אַלטע העמדער;
נאָר דאָ — איז שטאָט. און יאַם. און שטאַרקער רויש
האָט עזרע אָנגעהויבן ס׳לעבן אין דער פרעמד דאָרט —
זיך כאַווערן מיט גרעסערע פון זיך
און אַף אַ טראָט פון זיי ניט אָפּשטיין;
אַדורכגאַן איז דאָס ערשטע יאָר אים גיך,
און ניט באַמערקט האָט ער ווי ס׳צווייטע קלאַפּט שוין...

און נאָך האָט ער אַרויסגעפירט פון דר׳היים
שמועל־ביים׳ רעגילעסן — מיט אַלעמען זיך קריגן;
דאָס איבעריקע ז׳נאָכגעגאַן אַליין

און אים באַשווערט און אים באַפּליגלט.
צו ערשט האָט עזרע זיך צעקריגט
אין צוג מיט אַ פּאָר רײַזנדיקע ייִדן;
זיי האָבן ניט געוווּסט — פון וואַנען ס׳קריכט
אַף זיי אַ קאָל נ׳אַף וואָס ס׳דערווידערט.
געווען איז פּאָר די ייִדן אומגעריכט
דאָס אומפאַרשטענדלעך-טויבע באַסקאָל,
וואָס האָט מיט פויסטן זיך געוואָרפן גיך
פון אונטער באַנק און זיי געטראַסקעט.

פאַרפאַרעט האָבן זיי זיך פרידלעך טיי
און טרינקען שוויצנדיק געזעצט זיך;
און אויסגעגאָסן מיט הארכאווע האָבן זיי
אונטער דער באַנק ס׳געבליבענע דאָס לעצטע.
נ׳דעם טשײַניק אויסגעקלאַפּט
אַזוי אַז בלײַבן זאָל דאָרט פון טיי קיין שפּורן
און עזרען מיטן טשײַניקל דערלאַנגט אין קאָפּ
און אים דאָס גאַנצע פּאָנעם אָפּגעזשבורעט . . .

מיטן קאָנדוקטאָר האָט ער זיך געקריגט דערנאָך
געקוקט אַף אים מיט מאַלכאַמאָוועסדיקע אויגן האָט אַ ראָשע;
דאָס גרינס און רויטס האָט אַלע מאָל געטאָן אַ שטאָך
נ׳געדונגען זיך פאַר צוואַנציק גראָשן.
דער צוג ז׳געגאַנגען גיך
עס האָט אונטער די פּיס דאָרט מוירעדיק געזעצט אים:
כ׳וין דעם האָט עזרע נאָך אַרויסגעפּירט פון דר׳היים
שמיל-ביים פאַרלאַנגען עפּעס אויפטאָן;
ס׳האָט זיך דער אומגליק אַרום אים געדרייט
און אַלע מאָל געהייסן זיך אַ פּרוּוו טאָן.
און ווי איבער אַן אָפּגרונט אים געפּירט;
נאָר מיט אייגנשאַפט פון וועלן פרײַ זײַן
האָט עזרע זיך גענומען דורכברעכן די טיר
אין אַ געהיימען קרײַזל.

דאָס איבעריקע האָט ער שוין אין גאַס דערכאַפּט דאָרט
אין קרײַז אין בלעטלעך און אַזוי —
ס׳האָט אים די נויט אַ נעם געגעבן ראַפּטאָס

ס'האָט אים די שטאָט מיט שטיין געגעבן אַ פֿאַרזויג.
געשטעלט זיך אַרבעטן צום ערשטן באַ טוטין
נאָר ס'האָט זײַן אַרבעט דאָרטן ניט געדויערט;
געגאַן איז ער אַ וואָכן צוויי אַהין
דערנאָך האָט ער באַ אַ פֿאַבריטשנעם טויער
געקלאַפּט זיך פֿאַרזיכטיק און דין
דערנאָך — נאָר ווּעמען זאָל ער עס פֿאַרטרויען —
ער ווייסט ניט ווו מען טוט נאָך אַ פֿאַרדין.

און אַז באַ עמעצן געפֿרעגט האָט ער: — ווי שפּעט?
האָט יענער אים די האַנט געטאָן אַ פּלעט:
— אַזוי גאָר?
— דו האָסט נאָך נישט פֿאַרדינט קיין זייגער?

איז ער אַרומגעגאַן גאַנצע טעג,
און ס'זײַנען טעג פֿון אים געלאָפֿן;
באַנאַכט זיך אײַנזויגן אין שלעפֿוואָגן ער פֿלעג
און ווערן הונגעריק און מיד אַנשלאָפֿן...

33.

פֿאַראַן פֿון דר'היים זײַנען אַ סאַך דאָ
מאָדיסטקעס. יונגען אַלערליי;
צו זיבן נייטאָרנס אַף אַ מאַנסאַרדע
און אין אַ קעלערל — נאָך מער מיט צוויי.
אַ נײַע היים — די מאַלדאָוואַנקע
די שטאָט שטייט אויף פּאַריסט אין רויך;
געטראָפֿן האָט ער דאָ שוין כאַנקען
און שעווע דער אַלמאָנעס מיידל — אויך.
פֿאַרלאָזט מ'האָט אין דער שטיל די היימען
אַוועק פֿון דאָרט מ'איז בלויז און הויל;
געלערנט מ'האָט זיך זײַן — „געהיימע"
אַ שלאָס צו טראָגן אַפֿן מויל.

אַדעס איז אַ פֿאַרטײַעטע געלעגן דעמאָלט
אַ שפּרונג טאָן גרייט געווען פֿון זיך אַליין;
דער פּרעסעס האָט זיך אַלע וואָך פֿאַרזאַמלט,

און עזרע איז געגאַן. זיך צוגעהערט. געלייענט.
און הייליק איז געווען אים יעדער גאַנג
אַ יעדער וואָרט איז דורכגעגאַנגען בליציק;
געעפנט אין דער שטיל אים דעם געדאַנק
אַף שטענדיק עפּעס אים פאַרקריצט דאָרט...

און ווי מיט פײַער אים געבריט,
נאָר אַזוי הייליק איז דאָס ברענען;
אין יענעם פײַער אויפגאַן איז פאַר אים
דער נאָמען — לענין.

ס'איז גוט... וואָס ווייסט ער נאָך ניט קלאָר.
געאײַלט האָט ער זיך ווי אין פיבער;
פאַר אַלע זײַנע אַכצן יאָר
איז דאָס געווען די ערשטע ליבע.
נאָר ניט געפעלט האָט קיין געפאַר אים,
און ניט געפעלט האָט אים קיין לאַסט;
אין קעלערלעך איז ענג און וואַרעם.
ס'קומט עזרע יעדן טאָג צו גאַסט
פון דאָרטן גייט מען אַף דער בירזשע,
אַהערצו קומט מען טויט און בלאַס...
און ס'דוכט — נאָך עזרען אויך מען שפּירט שוין
פון די צעשטעלטע אַף דער גאַס.

ווען עזרע קומט מיט אַ באַזוך צו כאַנקען,
כאַפּט זי זיך שטיל אין קלייטעלע אַרויס
און קויפט אַן אוגערקע און אַ טאַראַנקע
און בעט באַם קלייטניק זיך: — אַ גרויסע. בלויז.
זאָגט איר דער קלייטניק: — קלײַבט אַליין זיך אויס.
הייבט כאַנקע אויף אַף איינער אירע ברעמען —
שמייכלט דער קלייטניק: — איז גוט. נו. איז זי גרויס
און ברויט צו איר ווו ווערט איר נעמען?

דער קלייטניק ווייסט ווי ס'לעבט די קוואַרטיראַנטקע
אַ סאַך פון זיי וואָס וווינען דאָ — ער קאָן;
אַ פרייליכע קערט אום זיך כאַנקע
און עזרען האָדעוועט זי דאָרט מיט כיישעק אָן.

זי זאָגט אים לאַכנדיק נאָך אויס דערפון
ווי ס'האָט דער קלייטניק וועגן ברויט געפרעגט בײַ איר דאָרט;
קאַסאַקע קוקט דורך פענצטערל אַרײַן די זון
ס'איז עפּעס גוט אַזוי און אַזוי וויכטיק.
זי שנײַדט דאָן ברויט אַ, שטיקלעך — דין
און לאָזט קיין ברעקלעך אַפן פאָל ניט פאַלן;
זיי עסן ביידע קוקנדיק אַהין
ווו ס'ליגן טיף פאַררוקט פאַרשיידענע שפּאַרגאַלן.

נאָר איצט האָט עזרע זיך בײַ כאַנקען ניט פאַרהאַלטן
ער האָט איר בלויז געגעבן צו פאַרשטיין
אַוועקגעטראָגן פון דאַנען אַלץ און אַלץ באַהאַלטן
אַז בלײַבן קאָן ער דאָ שוין לאַנג ניט שטיין.

עס פעלט איצט קופּערמאַן — גיט ער אַ בליק —
נאָר קופּערמאַן איז ווײַט. ס'איז קופּערמאַן ניטאָ מער;
פאַראַן אַ קלאַנג: — מ'האָט אים פאַרשיקט
און עמעץ זאָגט: — אַף דער מילכאָמע.

34.

ווען אויפגעעפנט איז אַ ביסעלע די טיר
גיט זיך אַ גאָס מוזיק אין צימערל ווי האָניק;
דער באַלעבאָס, ווו כאַנקע האַלט קוואַרטיר,
איז אַן אַגענט פון גראַמאָפאָנעס.
ער גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג
זײַן אײַנרײידן אַ קוינע ווייכער איז פון זאַלבן;
ווער ווייסט ווו ס'גיט אים ערגעץ אַ פאַרטראָג
פון אינדערפרי ביז איבער האַלבנאַכט?
זײַן האַרטער אויסגעפלעקטער הוט
וואַרפט אָן אַ ראַש אַף זײַנע אָרעמע קלויִענטן;
אַ האַלבע מאַלדאָוואַנקע קאָן אים גוט
נאָר קיינער גיט קיין פרוטע אין די הענט ניט.

און האַנדלען — האַנדלט ער מיט קריסטן מער.
אַ קריסט — זאָגט ער — איז איינס און צוויי און — פאַרטיק.
ער לייגט אים גלײַך אַוועק אַ שאַנטאַקלער

און נעמען נעמט ער אים מיט אַ „רעצײַ" פונעם באַרימטן קוואַרטין.
ס'האָבן אים אויסגעפּעלט פון פּאַרנט אַלע צײן,
אַרויסגעזעצט האָט זײ אים אַ קלײענט פאַר מאַנען און פאַר זװאַרטן;
אַז סאַכאַקל האָט ער ליב דאָס כײעס גאָר אַלײן
זיך אָפּזינגען אַ שטיקעלע פון קוואַרטין...

ווען ער האָט עזרען ס'ערשטע מאָל דערזען באַ כאַנקען,
האָט ער צו זיך אַלײן די האַנט געטאָן אַ פּיר:
— קײן סאַך באַדאַרף איך ניט אָפּ טרעפן און דערלאַנגען —
איז אָט: — איר זײַנט דאָך אויך מיסטאָמע ניט קײן גוויר,
נאָר אויב איר ווילט עפּעס פאַרדינען, איז — פאַראַן.
אַ לײַטיש מענטשל לאָזט פון ווײַטנס זיך דערקאָנען
איז אָט: — מע דאַרף אַהער ברענגען פונעם פאָנטאַן
אַ פּאַרטיע אַלטע גראַמאָפאָנעס.
און יעדער גראַמאָפאָן איז אַ פּיאַטאַק,
און אַ פּיאַטאַק איז אין אַדעס אַ פרישע טײקע
צו אײגעם אַז מען גיט נאָך עטלעכע אַ פּאַק,
איז האָט איר אַ מעזומענעס סיראָטע.

ער מאַכט דעם האַלדז אַ ביסל גראָם זיך
דעם הוט גיט ער אַ הײב איבערן קאָפּ:
— איך זאָג אײַך ניט, אַז איך בין באָמזע
נאָר באָמזע איז אַ הונט אַנטקעגן פירמע 'בלאָך עט קאָמפּ"
כ'איז דירעבאַסעווסקע. ס'איז רישעליעווסקע. ס'איז פּאַסאַזש.
אַף אויסצאַלן. אַ יעדע וואָך. און וויפל ס'לאָזט זיך.
אָט דאָס איז די פירמע בלאָך עט קאָמפּ„ צווישן אונדז, אָן ראַש.
און איך בין שאַרגאָראָדסקי.
כ'בין אויך אַ סאָציאַליסט.
מען קאָן אַ שעקל באַ מיר אויכעט פּויעלן, —
ער גיט זיך נענטער אַ ריס
אַביסל שוים פאַרזידט שוין אָפּן מויל אים:
נאָר אויב איר ווילט, איז גיב איך זײ אײַך אַלע אָפּ אומזיסט
פאַר קוואַרטינס אַהאַוואַס־אױלאָם.
איך האָב אין דעם אַ טאַם
און מענטשן פון דער ווײַט דערקאָן איך —
איז אויב איר ווילט, איז ברענגט איר מיר פונעם פאָנטאַן
די פּאַרטי גראַמאָפאָנעס.

ס'איז עזרען ניט געווען צו שווער
זיך מיט דער פירמע בלאָך עט קאָמפּ דעריידן פּאַר אַ שוטעף;
געשפּילט האָט כאַנקעס באַלעבאָס אין שאַנטאַקלער,
און ער האָט קאָסטנס אים געשלעפּט צעבראָכענע און גוטע.
ווי נאָר געוויזן מ'האָט אים דעם אַדרעס
און אויך פון וואַנען מ'האָט אים נאָר געהייסן,
דאָס איבעריקע האָט ער אין דער שטאָט אדעס,
געטאָן אַליין אין זײַנע אומדערוואַרטע רײַסן.
צום אָוונט פילט ער נאָר אַ ביסל מאַט זיך,
צו כאַנקען אַף אַן אויגנבליק — אַ פאַל אַרײַן;
דערפאַר ווען נייטיק איבערטראָגן איז אַ פּעקל פּראָקלאַמאַציעס,
איז דינט די פירמע בלאָך עט קאָמפּ אים ערלעך און געטרײַ.

און כאַנקעס באַלעבאָס איז אין געשעפט פּאַרטאָן,
די אויגן שטענדיק ערגעץ בלאָנדזשען,
און ס'דרייט אין אַלע זײַטן זיך זײַן קאָפּ;
ער זאָגט כאָלילע קיינעם ניט, אַז ער איז באָמזע,
נאָר באָמזע איז אַ הונט אַנטקעגן פירמע בלאָך עט קאָמפּ,
ס'איז דירעבאַסעווסקע און רישעליעווסקע און פּאַסאַזש,
אַף אויסצאָלן. אַ יעדער וואָך. און וויפל ס'לאָזט זיך.
אָט דאָס איז פירמע בלאָך ע טקאָמפּ. צווישן זיך. אָן ראָש.
און ער איז שאַרגאָראָדסקי;
און אין געשעפט איז ער פּאַרטאָן
און ס'וואָלט געגאַנגען גוט און גלאַט זיך, —
נאָר בא דעם ספּראַווניק אינעם גראַמאָפאָן
געפונען מ'האָט אַ פּראָקלאַמאַציע.

35.

געטראָגן האָט זיך ווי אַ ווינט אַ שטויביקער — דער שרעק,
און דאָך האָט מען געמיינט: ס'וועט עפּשער הײַנט אַראָפּגיין גלאַט נאָך;

נאָר איינער האָט געהיים באַם אַנדערן געפרעגט:
— איר האָט שוין אויך געהערט, וואָס ס'טוט זיך אַף קאַנאַטנע?
געשלאָסן האָבן אַלטע הויפן זיך אין פיבער,
די קליטלעך מיט גאַרטלען אײַזערנע זיך שנעל געגורט;
מען האָט געקוקט — צי עמעץ אַף דער גאָס איז ניט געבליבן
און אַלע — צו דער ערד, ווען ס'איז אַ רײַטער דונערדיק אַדורך.

ס'האָט עפּשער בלויז זיך אויסגעדוכט, אַז מ'הערט געבראָך
פון שויבן,
און עפּשער כאַלעמט זיך עס נאָר ס'געשריי — פון האָפענונג
פאַרבלענדט;
נאָר יעדער ווייסט: — אַף דער קאַנאַטנע האָט זיך עס שוין
אָנגעהויבן
מע לויפט פון דאָרט — דערשראָקענע — מיט קינדער אַף די הענט.
דער קלייטניק איז געשטאַנען און געציילט דעם העזעק
זיך אַף די פּיס די אייגענע געהאַלטן קאַם;
אָבער אינגאַנצן אומדערוואַרט עס איז געווען
פאַר פירמע בלאָך עט קאָמפּ.
אַרײַן איז מען אַהין דורך דער צעזעצטער שויב
און מיט די פּיס אַרײַנגעקלאַפּט דאָס איבעריקע גלאָז —
אינגאַנצן עטלעכע פאַרבלאָנדזשעטע פאַרשוין
אַ ווײַל געקוקט — צי האָט מען ניט געהאַט קיין טאָעס?
אַ וואַנט — פון לינקס, אַ וואַנט — פון רעכטס
און שיקער דרייט זיך פירמע בלאָך עט קאָמפּ דעם שטאָר פאַרהויבן
עס האָבן באַלד זיך צו דעם פאַל אַ בויג געטאָן מיט קרעכץ
די בלומיק-אויסגעפאַרבטע גראַמאָפאָנען-טרויבן.
זיי האָבן קיינמאָל ניט געשפּילט נאָך אַפן דיל
מ'האָט נאָך ניט אָנגעצויגן קיינמאָל מיט די פּיס זיי;
אַצינדער וואַרנט מען זיי: — פאַר דעם געקרײַצטן שפּיל.
מיר וועלן אויסקוילען אײַך אַלעמען און אײַך צעשיסן.
דערנאָך איז מען געלאָפן אין עקסטאַז
מיט שפּילקאַסטנס לאַקירטע און מיט לאַמען
לענג אויס דורך דער פאַרמייקעטער און טויבער גאַס
ווי מיט איקאָנעס און מיט צלאָמים.

נאָר ווו איז שאַרגאָראָדסקי דער אַגענט?
ווו לויפט ער אום? ווער ווייסט צו אָפּגיין וועט עס גלאַט אים?
און באַ דעם טויער ברעכט אַ ווײַבל זיך די הענט:
— וואָס האָט עס אים אַ טראַג געטאָן אַף דער קאַנאַטנע?
אין שטוב געשפּילט דער גראַמאָפאָן האָט שאַנטאַקלער
דעם גאַנצן הויף פאַרכריפּעט און פאַרזויגן;
באַצווייט געטראָגן האָט מען עמעצן פאַרבלוטיקט-שווער
מיט רויט-אַרויסגעזעצטע אויגן.
באַצווייט מיט נאָך איינעם האָט עזרע אים געטראָגן אַף די הענט

דער קליטניק האָט זיך אײַנגעקוקט. געוואָלט דערקאָנען —
אין הויף האָט מען געזאָגט: — ס'איז דער אַגענט
דאָס איז ער פון די גראַמאָפאָנעס.
געטראָגן האָט אים עזרע שווײַגעדיק און בלאַס
דער האַרטער הוט און די מאַנישקע אינעם טאַש באַשטאַט דאָרט;
ער האָט אַליין אים אָפּגעשלאָגן אַף דער גאַס
פון אַ צעבושעוועטער ווילדער טשאַטע:
געשטאַנען איז ער מיט אַ כעוורע פונעם פּרעספּ
נאָך פון פאַרטאָג ווי אַף שפּאַציר;
מיט שטיקער שטאָל. מיט שטיקער אײַזן און מיט פרעסן
און אָפּגעהיט דעם ראָג פון זײַן באַצירק —
און פון דערוווײַטן אים דערקאָנט
פאַרפלאָנטערט האָט ער דער אַגענט זיך אַקוראַט דאָרט;
איז מען אין צווייען צו. און עזרע מיט אַ שטיק פון גראַמאָפאָן
צעפּלעט דעם מויעך איינעם פון דער טשאַטע.
און כאַנקעס באַלעבאָס פון דער קוואַרטיר
אַהיים געטראָגן האָבן זיי אין צווייען;
ער האָט אַ טעמפּן פינטל מיטן אויג געטאָן — ס'איז איר?
און האָט אַ וויין געטאָן פון בושע און פון ווייען...

אין שטוב געשפילט דער גראַמאָפאָן האָט שאַנטאַקלער
דעם גאַנצן הויף פאַרכריפּעט און פאַרזויגן —
געטראָגן שאַרגאָראָדסקין מ'האָט פאַרבלוטיקט — שווער
מיט רויט-אַרויסגעזעצטע אויגן.
געטראָגן מ'האָט אים אַף די הענט
דער קליטניק האָט זיך איינגעקוקט. געוואָלט דערקאָנען;
אין הויף האָט מען געזאָגט: — ס'איז דער אַגענט
דאָס איז ער פון די גראַמאָפאָנען...

אין שטוב איז ניט געווען שוין ווער
דעם גראַמאָפאָן וואָלט ווײַטער אָנגעצויגן —
און שאַרגאָראָדסקי האָט געכאַפּט דעם גויסעסדיקן שאַנטאַקלער
און ווי פון יענער וועלט אים נאָכגעפינטלט מיט די
אויסגעזעצטע אויגן...
ס'איז עזרע ווידער שוין געשטאַנען בא דעם ראָג
מיט אַ שטיק אײַזן אין די הענט פאַרקלאַמערט;
געזעצט האָט זיך אין טרויער און אין שרעק דער טאָג
נ'געשריגן דורך אַ פענצטער האָט אַ מאַמע...

36.

אדעס איז אַ פאַרטײַעטע געלעגן דאַמאָלט
אַ שפּרונג טאָן גרייט פון זיך אַליין ;
דער פּרעספּעפּ האָט זיך אונטער דר׳ערד געזאַמלט
און עזרע קומט אַ פריילעכער צו גיין —
כאָטש אומעטום גייט שוין ס׳געפּאַר נאָך
און סע פאַרלייגט זיך אָף זײַן פרײַ ;
וואַרשטאַטן גרויסע ווי קאַזאַרמעס
און כאַנקע נייט קאַזיאָנע שנײַדערײַ.
מעסלעסן גאַנצע נייט זי גרעט
טאַכריכים נײַע פאַר סאָלדאַטן ;
און ווי די קייווער־ווערעם — פעט
געשוואָלן ווערן באַלעבאַטים.

פּאָדריאַדן — דאָ, פּאָדריאַדן — דאָרט
עס שלײַפט ווי שווערד זיך יעדער טראָט אויף ;
און שיפן לאָדן זיך אין פּאָרט
און צוגן סטריגעווען דאָרט ראָטעס
און ס׳טראָגט זיך אום שוין אַ גערוך
ס׳באַווײַזן ווי פון רויך זיך שפּורן :
— געפאַלן איז שוין פּאָרט אַרטור
— מע האַלט שוין ווײַט אין מאַנדזשוריע.

באַלייגט ז׳די הייך מיט שטערנדיקער ליסקע
ס׳פאַרגייט די קינדהײַט און די היים ;
עס גיט עפּעס פון דאָרט אַמאָל אַ פּליס נאָך
צו מיזרעך פריידיק און געהיים...
נאָר ס׳איז קיין אָרט פאַר דעם פאַראַן דאָ
אָף די פאַרזאַמלונגען — די וועלט זיך וויגט ;
שוין וויפל טעג, אַז מע באַהאַנדלט
ווי זיך פאַרהאַלטן צו דער קריג.
אַ יעדער וואָרט שנײַדט דורך זיך בליציק
און עפנט אויף פאַר אים די וועלט
אָף שטענדיק עפּעס אים פאַרקריצט עס
און צייכנט אָן זײַן נײַע שוועל...
עס איז אים העל ווי אין קאַיאַר

צום טאָג ער אײַלט זיך ווי אין פיבער, —
פאַר אַלע זײַנע אַכצן יאָר
איז דאָס זײַן ערשטע גרויסע ליבע...

נאָר ס׳האָט אַ נעץ זיך שוין געוועבט אַרום אים
אין מיטן נאַכט איז מען געקומען און געוועקט;
און אַז — ווּהין — האָט ער אַ פרעג געטאָן אין טומל,
האָט מען מיט ביקסן אים געוויזן דאָרט דעם וועג.

37.

ס׳האָט אַפן וועג אין טורמע עזרע ניט געטראַכט
ניט פון דער היים און ניט פון זיינע קינדער־יאָרן;
נאָר ס׳האָט זיך אים אַליין געעפנט דער זיקאָרן,
ווי ס׳האָט געבלאַנקט אַ ווינטערדיק־פאַרשנייטער שליאַך
פאַר ערשטע טריט דערשראָקענע און שטילע
און יענער ערשטער אינדערפרי
און יענע ערשטע אומקלאָרע געפילן
ווען ס׳האָט זײַן טאַטע אים אַוועקגעפירט אין דער פאַבריק
און די נאַסילקע אָנגעמאָסטן אים
ווי זײַנע אַלטע טפילן.

ס׳איז מײַ. דער פרילינג יאָגט
ווי אַן אַרויסגעריסענער פון קלעמער טונקעלע
און ער באַפאַלט מיט פרישקייט פון קאַיאָר
און ער באַפעלט מע זאָל זיך אַפן גאַס מיט אים באַטרינקען.
אַ יעדער ביימעלע בייגט אַן דאָס ערשטע גרינס אַליין
און צאַרטקייט נאַקעטע זיך שפּאַרט פון יעדן בלעטל;
פון אַלטע ווענט די אָפּגעשיילטע ליים
איז אויך מיט ליכט קאַיאָריקער פאַרגלעט דאָרט.
ע׳ס גלאַנצט מיט זון די פעל די וואַרעמע פון פערד
ס׳צעטראָגט זיי אײַנגעשפּאַנטערהייט אַפילע;
באַלאַגערט מיט צעבושעוועטן גרינס די ערד
האָט שוין דאָס זיבעצנטע מאָל דער פרילינג
זינט עזרע לעבט און אָטעמט אַף דער וועלט —
זינט אויפגעשטאַרט זיך ס׳האָבן זײַנע אויגן;
נאָר ס׳האָט נאָך קיינמאָל ניט אַזוי דער פרילינג אים באַפעלט
נאָר ס׳האָט נאָך קיינמאָל ניט אַזוי דער פרילינג אים געצויגן.

אָבער דער וועג אין טורמע גייט
דער זעלבער פּונקט ווי צום בייסוילעם ;
די אומדערוואַרטקייט האָט די אויגן אים צעעפנט ברייט
נאָר שטאַרקער נאָך פאַרקלעמט דאָס מויל אים.

פון ביידע זײַטן — קלינגענדיק געווער.
מיט טעמפּן בליק — באַגלייטנדע באַגרעבער ;
און יעדער טראָט ביז ווייטיק אים דערקלערט
אַז עמעצער אַנטלײַט בײַ אים אינמיטן טאָג דאָס לעבן...
ער זעט שוין ניט דאָס אַלץ, וואָס ס׳שווימיקט זיך און בלענדט,
כאָטש איבערגעלאָזט האָט מען פרײַ אים זײַנע אויגן.
אָט וועט ער בלײַבן באַלד מיט זײַנע ביידע הענט,
וואָס וועלן אים צו גאָרנישט טויגן ;
אים דוכט זיך אויס, אַז זאַכן ווערן אים שוין פרעמד,
ווי קוקן וואָלטן זיי אים שוין אָפּ זיך פאַרבאָטן —
ער ווייס שוין ניט — צי מעג זײַן האַרץ אים זײַן פאַרקלעמט
צי איז ער זײַנעז נאָך — דער בריִענדיקער אָטעם ?
ס׳האָט יעדער טראָט אים אויסגעטאָן פון זיך
וואָס נעענטער געווען מ׳איז צו דער פּעמטונג
און — דאָך. איז ער געגאַנגען גיך
און שטאָלץ פון זײַנע אויגן —האָט געזעצט דאָרט.

ער האָט זיך אויסגעבלייכט. געזיכט־צוגן — פאַרשאַרפט.
אין קאַמער האָט מען אים ווי יעדן געמאַכט אַ וויווע ;
קײַן צײַט האָט ער אַ פולע ניט באַדאַרפט
אָפּ זיך דערפילן היימיש אין זײַן נײַער סוויווע.
אַ צײַט אַרום האָט ער געהאַט שוין פרײַנט
פאַר שפּיצלעך אָפּגעטאָנענע דעם טפיסע־וועכטער —
כאַווײרים עלטערע דאָרט טרוימען פון דער פרײַ
און טרײַהײַט איינס דעם אַנדערן מע שווערט דאָרט ;
אין ווענט מע קלאַפּט מיט פינגער ווי אַ האָגל
דורך ווענט מע ליבט. ס׳איז איינס דעם אַנדערן געטרײַ.
נ׳אַז ס׳ווערט באַוווסט אַז מ׳האָט דאָרט עמעצן געשלאָגן
ברעכט גלײַך אין קאַמער אויס אַ הונגעריקער שטרײַק.

אין שטרײַק האָט עזרע אָנגעשלאָסן זיך באַגלײַך
מיט אַלע שטרײַקנדע אין קאַמער ;
ס׳איז אַ פײַער דורכגאַן דורכן לײַב

פון שטאָלץ וואָס ער איז דאָ מיט אַלעמען צוזאַמען.
אים האָט זיך אויסדריקלעך געדאַכט,
אַז ס'קומט אים צו אין וווּקס אַ יעדער רעגע;
און פון די אָדערן דאָס בלוט זיך שפּאַרט
אַריבער אַלע גרענעצן און ברעגן.

אַף דאָ אין ענגן קאַמער הערט ער דעם צעפּאָך
פון צײַט וואָס ס'איז אים שווער נאָך צו באַגרײַפן;
— זײַן לעבן גייט. זײַן לעבן זעצט זיך פאַר
אַ יעדער רעגע ווערט ער צײַטיקער און רײַפער
און ניט די טפיסע־ווענט און ניט דער צוים
פאַרשטעלן ניט דעם וועג אינדר'הויך וואָס ער באַטרעט דאָ;
מ'האָט בלויז באַ אים נאָר אָפּגערויבט דעם רוים
און אויסגעשלאָסן בלויז אים פונעם שעטעך.

ס'האָט העכער זיך אַ הויב געטאָן זײַן קאָפּ
און שטײַפקייט זיך צעגאָסן איז איבער ביינער —
— קיין שפּאַן קיין איינציקן ער טרעט ניט אָפּ
מיט אַלע גלײַך. מיט אַלעמען אינייִנעם.
פון אַלעמען דער הונגער שטראַלט און בליצט
ווי דאָס געוויסן זיך אַף יעדן אויסגעצויגן;
נאָר אויפגעהויבן האָט באַ עזרען זיך די היץ
און פיבערדיק־פאַרנעפּלט אים די אויגן.
ער זעט דעם טאָג זיך בייגן באַ דעם ראַנד
און צו פאַרנאַכט ווערט עפּעס מאָדנע הייס אים;
עס גלעט דער דעמער אים — ער גיט זיך אַ דערמאָן;
— זײַן טאַטע האָט דאָך אויך געפּאַסט טאַנייסים...

— זײַן טאַטע. — אים איז גוט. ער איז פאַרבלענדיקט.
ער קומט דאָרט אָפּ — האַכנאָעדיק ווי שטענדיק —
האַכנאָעדיק ער גרייט מיט פלײַס זיך צו דעם טויט,
ווי אַזאַ הייליקע צאַוואָע ער מעקײַעם וואָלט געווען דאָרט,
וואָס עלטער־זיידעס האָבן פון אַמאָל אים נאָך פאַרטרויט...

עס גייען פאַר אים דורך מיט שטאָלץ
אַקשאָנעסדיק פאַרקרימטע פּענעמער פון זקיינים,
וואָס האָבן אַף שײַטערס זיך געלייגט ווי האָלץ
אַפילע ניט קיין קרעכץ און קיין געשריי ניט...

און — זיי האָבן געטרוימט און זיי האָבן געקלערט
אַז דער פֿאַראַכט צו ווידערשטאַנד וועט סטײַען
אַף אויסלייזן פֿון בלוט די ערד
און פֿון פֿאַרגוואַלטונג זי באַפֿרײַען ? . . .

און — זיי האָבן געמיינט, און — זיי האָבן געגלויבט
אַז זייער פּײַן און לײַד וועט קלעקן
אַף אָפּווישן פֿון וועלט דעם קויט און שטויב
און ריינעם גײַסט אין איר דערוועקן ?
און אויב האַכנאָע ניט דערפֿרישן וועט ווי טויען
אויב ס׳וועט פֿון זייער בלוט ניט אויפֿגיין דער קאַיאַר
זאָל בלײַבן זייער טויט ווי אַ צאַוואָע
ביז צו דעם לעצטן לעבעדיקן דאָר.
דעריבער האָבן זיי זיך ניט געוועריט
און בלויז דער פֿינצטערניש געהאָלפֿן גרויס זײַן —
און האַקן זיך די הענט געלאָזן מיט דער שווערד
נאָר ס׳זאָלן זיך די קעפּ כאָלילע ניט אַנטבלויזן ;
די הויט זיך פֿײַערלעך געשונדן מ׳האָט
מיט פֿרייד און ליבע פֿינצטערער געטאָן עס —
מאַטאָנעס מ׳האָט דערמיט געשיקט צו גאָט
נאָר וועלכער גאָט האָט עס באַדאַרפֿט אַזעלכע מאַטאָנעס ?

עס גיט אים פֿון דער היץ אַזאַ מין ריס
אין פֿיבער גיבן זיך אַ וואָרף באַ אים די ליפּן :
— דאָס האָבן זיי זײַן טאַטן אויסגעקרימט די פֿיס
— דאָס האָבן זיי געמאַכט זײַן טאַטן פֿאַר אַ קריפּל.
אים דוכט אַז ערגעץ אינווייניק אין זיך
פֿאַרטײַעט טראָגט ער עפּעס נאָך פֿון זײַנע זיידעס ;
— איז וואָס ? איז וועט ער דען אַראָפּרײַסן פֿון זײַן געזיכט
דעם מינדסטן צייכן וואָס דערמאָנט אין זיי דאָרט ?
ער וועט נאָר אויפֿוועקן פֿון ס׳נײַ איצט זייער בלוט
ס׳זאָל אויפֿגיין נאָכאַמאָל. ס׳זאָל אויפֿגיין אַף געשלעגן —
דעם טויט באַגעגענען געקאָנט האָבן זיי גוט
און ניט געקאָנט זיך שלאָגן פֿאַרן לעבן.

געזאָמן האָט געפּרעסטערהייט די צײַט
אין רוים באַגרענעצטן פון עזרעס קאַמער;
זי האָט בײַ אים קיין אויסגאַנג ניט געהאַט
און זיך אין אים ווי אויפרייס-שטאָף געזאַמלט.
און דאָך — בלויז זיבן טעג האָט אים געסטײַעט קויעך
זיך ראַנגלען פעסט. די לײַד אין זיך פאַרלישען.
דער אַכטער אינדערפרי פון הונגער-שטרײַק
אַוועקגעוואַלגערט האָט אים פון די פיס שווין.

ער איז געלעגן אָפּגעצערט און בלאַס.
די אויגן — גרויס, און שאָטנס אונטער זיי ווי גריבער;
און ס׳איז פאַר אים געווען אַ גרויסע לאַסט
דערזען עפּעס וואָס ס׳טוט זיך קעגנאיבער.
דאָך אויסגעזעען האָט ער שטאַרק פאַרטאָן
ווי דורכגעטראַכט וואָלט ער אַזאַ געהיימען גאַנג דאָ —
און דאָס אַרומיקע אים גייט אינגאַנצן גאָר ניט אָן
און ס׳שטערט אים ניט זײַנע געדאַנקען.
ווי פון דער ווײַט וועגאָן דער טומל איז אַהער
געטוליעט בלויז האָט זיך דער ראָש פון קאַמער
נאָך אָפּגעשטויסן האָט ער אים מיטן געהער
און זיך באַמיט מיט זײַנע טראַכטונגען פאַרצאַמען.
געלעגן שטיל. זיך ניט געוועהרט.
ווען עמעץ האָט פאַרדעקט מיט אַ שינעל אים
און ער האָט דאַכט זיך ניט באַמערקט
ווי ס׳האָבן זיך לעם אים פאַרזאַמלט קרימינעלע —
געביפטע לײַט מיט צייכנס אויסגעקריצטע
פון מעסער און געשלעג אַף פּענעמער פאַרוויט;
ס׳האָט עמעצער פון זיי געוואַשן און באַשפּריצט אים
און קוקנדיק אַף אים דאָס ערשטע מאָל געוויינט...

ס׳האָט בלויז דער טפּיסע-וועכטער זיך געשפּילט
מיט עזרעס לײַד און מיט געדולד מיט זײַנעם;
אַ יעדן טאָג איז ער אַרײַנגעקומען שטיל
געציילט די טעג — געבליבן וויפל ס׳איז נאָך זײַן אים —
און איינמאָל אינדערפרי איז ער אַרײַן

אַ בעקן אקרעפּ אין די הענט אַ שווערן
און אויסגעשטרעקט אים עזרען לאַכנדיק דערבײַ:
— נאַ נעם. צעוואַרעם זיך אַ ביסל די געדערעם.
געקוקט האָט עזרע אויפגערייצט און פרעמד
און קוים אַ גיי געטאָן צו אים האָט פון דער ווײַט ער —
ער האָט דעם בעקן ציטערדיק געטאָן אַ נעם
און מיטן אקרעפּ גלײַך אין פּאָנעם אים דערלאַנגט אַ שלײַדער:
— דערוואַרעם דו. די מאָרדע דײַנע — הונט.
— דערוואַרג זיך. נאַ. איניינעם מיט דײַן מאַמע.
און פונעם אָפּגעבריטן מויל דערהערט האָט אַ געשרײַ זיך: — בונט.
און אַ געכאָרכל „ייִדן” האָט אַ וויג געטאָן די גאַנצע קאַמער.
פאַרגרעסערט אפן טאָג האָט באַלד די וואָך זיך
געטשאַטעוועט באַ פענצטער און באַ ווענט
און צו פאַרנאַכט האָט מען אים אָפּגעפירט אין קאַרצער
אַ וואַקלענדיקן קוים — אונטער די הענט.
געגאַנגען שטיל. וווּהין ט'ער ניט געטראַכט.
אַדורכגעברענט דער גאָרגל און דער גומען;
אין שווערן שלאָף איז דורכגעגאַן די נאַכט
אַף אינדערפרי איז מען באַשטראָפן אים געקומען.

קעדיי ס'זאָל ערגעץ ניט דערהערן זיך דער קלאַפּ
און ניט אַדורכרײַסן פון אים זאָל זיך דאָס קאָל דאָרט,
איז אַפן קאָפּ האָט מען אים אָנגעטאָן אַ קאָלדרע
נ'מיט גרויסע שליסל צעמעלייצעט אים דעם קאָפּ.

נאָר ס'האָט פון אים קיין קאָל זיך ניט צעטראָגן
קײַן קרעכץ האָט זיך ניט אויסגעריסן. — בלויז
די וואָרצלען פון די האָר ווי נאָך אַ האָגל;
די אויגן — זיך אַ שפּאַר געטאָן פאָרויס.

דערנאָך עפּעס אַ הייזעריקער הוסט.
אַ קלייניקייט. און גלײַך עס איבערבלעטערט.
דערנאָך — מיטן עטאַפּ — צופוס
צוריק אין שטעטל.

39.

דאָס פינפטע יאָר האָט זיך אַ לאָז געטאָן
דאָס פינפטע יאָר האָט זיך געלאָזט שוין הערן;
אין פּײַן איז אויפגעגאַן אַ יעדער טאָג
מיט הערצער אָנגעצונדענע ווי שטערן.

עס האָט דאָס שטעטעלע זיך ווי אַ שיף
אַף כוואַליעס גרויזאַמע געטאָן אַ שלײַדער —
אַט גיט עס אַ פאַרשלונג די בייזע טיף
אַט רײַסט זיך עס פונאַנדער ווי פון בלײַ דאָרט.
נאָר בלייִונג טוט אַף יעדערן זיך אָן
און גרייטקייט צו דעם ווּנדערלעכן ראַש געהערן;
אַ כאַזער אויסגעמאָלט האָט עזרע אַף קאַרטאָן
און אַפן כאַזער — רײַטנדיק — די קרוין פון דער אימפּעריע.
און ווי אַ פאַרביקער געלעכטער
אַף אַן אויסגעלענקטן דאַך
געפלאַקערט האָבן ווערטער:
— פאַני כאַזער גאָסודאַר.

די שטיק קאַרטאָן האָט עזרע נ׳קלויז געבראַכט
זי אויפגעהאנגען נעבן אָרן־קוידעש;
ס׳האָט דאַן די שטאָט זיך ווי אַ יאַם צעהוידעט
ס׳האָבן די גאַסן ווי אַף סמאָלע זיך צעדעמפט
געלאָפן זײַנען יידן און געשריגן: — „טומאה“
און זיך געשראָקן צורירן צו דעם.

ס׳האָט אַף דער שטאָט געבושעוועט אַ טומל
און ביז ס׳האָט זיך די ערשטע טיר געטאָן אַ פראַל אויף
און ביז מ׳האָט זיך געטאָן אַ נעם
איז מיט אַ „קנעפּל“ שוין געגאַן שמועל־אַלעף
נאָר ס׳האָט דער גאָראָדאָוואָי געציטערט מער פאַר אַלע
ער האָט שמול־אַלעפן געשריגן: — שמול.
וואָס איז עס פאַר אַ שטיק פאַפיר?
און אַלע מאָל געגעבן זיך אַ ריס:
— איך בין אַ קריסט.
און פּראַוואָסלאַוונע גייען ניט אין שול.

גיי שמול
גיי דו אַרײַן פֿאַרפֿריר —
און איך וועל וואַרטן בײַ דער טיר.

און אַף דער שטאָט האָט זיך געראַשט
דער ראַש האָט זיך געמערט
און איז געוואָרן גרעסער;
די קלייטניקעס מיט פֿענעמער ווי אַש
האָבן דעם מאַרק פֿאַרשליסנדיק זיך שטיל געטרייסלט
און מוירע געהאַט אָפּגיין פֿון די שלעסער.

אין ערגעץ האָבן שוין געהירזשעט פֿערד
און ווי אַ טשאַטשע וועלף האָבן זיך אָפּגעלאָזט טשערקעסן
און אַף דער שטאָט — אַ שאָס
און — צוויי
און — דרײַ
און דורכגיין ניט מע לאָזט
און — ווער סע ווײנט
און — ווער סע שרײַט
און שנײַדער־יונגען, סטאָליערעס האָבן פֿאַרכאַפּט די גאַס
געשלאָגן פֿענצטער בײַ די באַלעבאַטים
און ליפּן — אויסגעצערט — געפּלאַצט האָבן פֿון האַס
און אַ שטיק בלוט האָט איבער קעפּ געפֿלאַטערט, —
ס׳איז ווי אַן אָנגעצונדענער קאַיאַר
געגאַן איבער דער שטאָט
דאָס טויזנט און נײַן הונדערט פֿינפֿטע יאָר.

עס האָט דאָס שטעטעלע זיך ווי אַ שיף
אַף כוואַליעס גרויזאַמע געשלײַדערט:
אָט גיט עס אַ פֿאַרשלונג די בייזע שיף
אָט רײַסט זיך עס פֿונאַנדער ווי פֿון בלײַ דאָרט, —
און עזרע האָט געפֿירט אַן אָפּגעריסענעם האַמוין
אַן אָנגערוקטן ווי אַ כמאַרע —
געגאַנגען זײַנען זיי מיט אויפֿגעשניטן מויל
און מיט געפֿאַרן.

מ׳האָט זיך געשטופּט
און זיך געקלאַמערט איינס אין צווייטן;

געפירט האָט עזרע צו שמועל־אַלעפס שטוב
און טריט האָבן געהאַמערט.
עס האָט אַ ליד גלײַך ווי אַ שלאקס־האָגל געטאָן אַ פאַל
שמועל־אַלעפס גלעזערנע געשניצטע סוקע
האָט אַ בראָך געטאָן מיט גלאָז מיט גרינעם ווי מיט גאַל
און טריט האָבן צעקײַעט עס ווי צוקער.

כ׳האָט באַ שמועל־אַלעפן אַף דער פאַבריק
דעם עלטסטן מאַשיניסט געהאַרגעט;
מ׳האָט שטיקלעכווײַז אַהיים געטראָגן אים צוריק
ער זאָל ניט שטערן צו דער אַרבעט.
דערנאָך
ווען פאַרן דר׳האַרגעטן געקומען איז מען מאָנען
האָט דורכן פענצטער זיך שמועל־אַלעף געקאָכט
און אין דעם פרײַז זיך ניט געגלײַכט מיט דער אַלמאָנע.

ער האָט מיט איר געקנעלט:
— אַ ציילעם
וועל איך אים אַליין באַשטעלן אַפן פעלד
נ׳אַ צוגאָב צו דעם ציילעם
האָט ער געהייסן פאַר איר פופציק קערבלעך איבערציילן.
כ׳האָט אים פאַרדרייט דעם מאַשיניסט דער גרויסער פאַס
און מיט די ציין פון דער מאַשין אַף שטיקער אים צעקײַעט
און שטיקער לײַב אין שמאַטעס אײַנגעפאַסט
געשאָטן האָבן זיך אין צווייען און אין דרײַען
מיט בלוט מיט בוימל און מיט אייל באַנעצטע;
און מיט דער אָרעמער אַלמאָנע אַף דער גאַס
האָט זיך שמועל־אַלעף געדונגען דורכן פענצטער:
— איז וואָזשע ווילסטו?
אַ ציילעם אַפן צווינטער ווי דעם שענסטן מאָן
באַשטעל איך אים אַליין
און פופציק קאַרבן האָסטו אַף דער האַנט
העליי???
און הונדערט פיפציק ט׳ער באַפעלט
אַרײַנשיקן דעם פריסטעוו
און נאָך האָט ער געהייסן אים פאַרגרייטן
אַ פופציק פלעשער ביר

און נאָך אַ ביסל געלט
אַף קייטן
עזרען קיין סיביר . . .

און אַף דער שטאָט האָבן געהירזשעט פערד
און ווי אַ טשאַטשע וועלף האָבן זיך אָפּגעלאָזט טשערקעסן;
און אַף דער שטאָט — אַ שאָס
און — צוויי
און — דריַי
און דורכגיין ניט מע לאָזט
און — עמעץ וויינט
און — עמעץ שריַיט
און שניידעריונגען סטאָליערעס פאַרכאַפּט האָבן די גאַס
געשלאָגן פענצטער באַ דע באַלעבאַטים
און ליפּן — אויסגעצערט — געפּלאַצט האָבן פון האַס
און אַ שטיק בלוט האָט איבער קעפּ געפלאַטערט, —
ס'איז ווי אַן אָנגעצונדענער קאַיאָר
געגאַן איבערן שטאָט
דאָס טויזנט און נייַן הונדערט פינפטע יאָר.

40.

ס'איז ווינטער־צייַט געווען אין דרויסן
פאַרקאָוועט איז די שטאָט געווען אין פרעסט;
— ווער ווייסט וואָס בייזע ווינטן זייַנען אויסן
ווען יעדער שטיבעלע זעט אויס ווי אַ צעשטערטע נעסט?
ווען דורך הוילע אויסגענאָגטע שויבן
די שייַן די אָונטיקע טריפט ווי אַ געוויין;
עס האָבן וויַיטן זיך עפּעס אייַנגעהערט ווי טויבע
און ניט געקאָנט דער ראָש דערלאַנגען האָט צו זיי . . .
די שטאָט האָט נידעריקער אָנגעהויבן אויסזען
און צו דער הייַסער וויַיסקייט ז'ניט געווען קייַן ברעג;
— ווער ווייסט וואָס בייזע ווינטן זייַנען אויסן
ווען ס'איז אַ שטאָט באַלייגט מיט אומעט און מיט שרעק? . . .

נאָר ס'ווישט די ווינטערדיקע נאַכט אַראָפּ זיך פון די שויבן
דער בוידעם ניורעט זיך אונטערן דאַך און פרירט —

און זאַווערוכעס יאָגן זיך אַף העפקער־הועגן טויבע
און ס׳איז אַ שרעק צו עפענען די טיר...
איז מיט אַ האַלב־פאַרגליווערט מויל
האָט דאָרט די מוטער זיך געבעטן באַ שמועל־בייסן:
— ער איז אינגאַנצן נאַקעט דאָך... אינגאַנצן הויל...
— ער איז אין גאַנצן נאַקעט דאָך... אין גאַנצן הויל...

מ׳האָט עזרען אָפּגעשיקט געשמידט אין קייטן
געגאַן איז ער דעם זעלבן וועג צו פּאַיאַנס־זאַוואַד — פאַרקלעמט;
און ס׳איז שמועל־בייס פון ווייט אים נאָכגעגאַן באַגלייטן
מיט קלומעקל פאַרשנייטס — אַ שטיקל ברויט און אַ פאַרלאַטעט העמד...
פאַרבונדן מיט אַ שאַלעכל די מאַמע וואָלט דעם האַלדז אים
אים מיטגעגעבן ווי אין שול דאָס שטיקל ברויט;
דער שניי האָט אַפן וועג געטרייַ עס אים באַזאַלצן
דער ווינט האָט נאָכגעיאָגט און עפּעס אים פאַרטרויט...

כאָטש ס׳איז געווען אַ פראָסט, נאָר ס׳האָט שמועל־בייס געשוויצט
ניט אַנדערש נאָר ווי נעם צעשפּיליע זיך דעם שיזלעק;
עס האָט פון גאָרגל אים געשפּאַרט אַ קראַנקע היץ
ווי אַלע מאָל ווען ס׳קומט דער כוידעש קיסלעוו.
נאָר ס׳האָבן אַפן שניי געלייגט זיך ערשטע טריט
פון עזרעס ווייַטערדיקן לעבן;
דער פראָסט האָט זיי געהאַרטעוועט און זיי געגליט
און זיי געאייַלט און זיי מונטערקייט געגעבן...

אָט שפּרייט ער זיך דער וועג אַ פראָסטיקער פאַרשנייטער
באַגראָבן ליגן אונטער אים דאָרט טעג ווי בראָך;
ס׳וואָלט יעדער שטיין געקאָנט באַגעגענענדיק אַ געשריי טאָן:
— שמועל־בייס, דעם זון?... און וועמען נאָך?

דורך שויבן פון שמועל־בייס פאַרלאַטעט שטיבל
האָט זיך אַרויסגעזען אַ נידעריקער דאַך
פון אַלטע שינדלען דורכגעפוילט און טריבע;
מיט לעכער דורכגעפּרעסענע אַ סאַך.
סאַראָקעס פלעגן גלייַך פון דר׳ערד אַרומשפּאַצירן אויבן
ווי אַף אַ היפּשן בערגל מיסט

דערזען וואָס ס'איז געווען און וואָס ס'איז שוין נישטאָ מער
און ליב געהאַט האָט ער מיט יעדן זיך באַגריסן
און הערן ווי מע זאָגט פון אַלע זייטן אים שוין — „איר"
און זען ווי איינער גיט דעם אַנדערן אַ ריר
— אַ וועלט מיט וועלטעלעך מיט ניסים
דעם בייגלבעקערס זון — ער שעמעריר
פון שאָלעם — סאַלאָמאָן מען רופט שוין אַף געווים אים
און מיידלעך קוקן אַף אים דורך דער טיר —
אַ סיגנעט האָט זיך פון זיין פינגער ברענענדיק געריסן —
ער איז געווען אַ יוּוועליר.

דעם יינגערן האָט קיינער ניט געזען.
ער האָט זיך פיינט געהאַט צו ראַשן;
ס'האָט מיילעך שקראַבענדיק דאָס טייג פון זיינע הענט
געפרעגט: — פאַרוואָס־זשע זעט מען ניט מענאַשען?
מענאַשע איז געווען אין מיילעכן געראָטן
געדולדיק פּונקט אַזוי און לאַנג אַזוי ווי ער —
צווישן באַלמעלאָכעס אָפּגעוואָרט אַ יאָר אַ קוילעכיקס מע האָט אים
און צו זיין יעדן וואָרט זיך צוגעהערט.
געליפערט האָט ער פון זשיטאָמיר גלייך אַהער
געדרוקטע בלעטעלעך געהיימע
די לעצטע אויוונס האָט מען פאַר שמועל־אַלעפן געהייצט
די מאַצעס פון גאַנצפרי פאַר אים האָט מען געבאַקן —
עס האָט נאַכט דורך זיפּן זיך געזיפּט דער ריינסטע ווייץ
און באַ שמועל־אַלעפן געפלאַמט האָבן די באַקן.
ער האָט אַליין קאָמאַנדעוועט מיט אַלע טישן
ווו ס'האָבן קאַטשערנס געפּאָכעט מיט די הערצער און מיט הענט
ווו ס'האָבן טאַליקעס געהאַלטן זיך אין איין פאַרמישן
און אַלע ווייל האָט ער זיך צו אַן אַנדערער געווענדט,
מיט אַזאַ אויפגעלייגטקייט אינעם בליק
און מיט אַזויפיל באַכערישן יעיצער־האָרע
אַז מיידלעך האָבן פון געלעכטער זיך געשטיקט
און איינס די אַנדערע געטאָרעט.
ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין יאָנטעוודיקן ראָק
און אין אַ יאַרמעלקע ווי מ'וואָלט זי ערשט געקאַשערט;
צו איינער האָט ער זיך געטאָן אַ טראַג
אַז אַרבל זיינען ניט געגוג באַ איר פאַרקאַטשערט

אַפילו ניט די פליגל אונטערגעהויבן
און זיך אומזיסט
ניט אָנשטרענגען די אַלטע קראַקעדיקע העלדזער;
און ווען אַ ציג אַ צופּ טאָן גרעזעלעך אַ פּאָר
האָט אַף די פּיס די אונטערשטע געשטעלט זיך
האָט איר דער דאַך געקלעקט סאַכאַקל ביז דער באָרד.
געזען האָט עזרע יעטווידן פאַרנאַכט
ווי ס'קערט זיך אום אַהיין אַן אויסגעצערטער ייִד
אַ לאַנגער
ווי שטיל דער קאָפּ ער בויגט דאָרט אָן געהיט
ער זאָל זיך אינעם ביישטידל ניט דערלאַנגען;
דאָס איז מיט שטילע שעמעוודיקע טריט
פּונקט ווי פון שלאָף דאָס שטיבל ניט דערוועקן
געגאַנגען פון דער אַרבעט מײלעך בעקער.

געווען איז מײלעך בעקער איינגעריכט אין מעל
געטראָגן האָט פון אים זיך זויערקייט פון אויוון
ער האָט דעם קאָפּ פאַרנויגט אַרײַנגערוקט אים ביז דער העלפט
פּונקט ווי אַ ברויט וואָס רוקט אַליין אַרײַן זיך אין אַ אויוון;
דעם רוקן אויסגלײַכן האָט אים די סטעליע ניט דערלויבט
זי איז געהאַנגען שווער און נידעריק אַזוי
אַז נאָך אַ ביסעלע וואָלט זי זיך מיטן דיל באַגעגנט
איז אויסגעצויגן ט'ער זיך גלײַך אַפּן געלעגער
די פינצטערניש געגעבן אַ פאַרזויג
און מיטן האַלדז די גאַנצע נאַכט געזעגן,
און ס'איז זײַן כראָפּ געגאַן ווי אַ געוויין
און ווי אַ טעמפּע טײַגע אָן פאַריבל —
אַז ס'זאָל אַ מענטש ניט קאָנען זיך אַוועקשטעלן און שטיין
באַ זיך אין שטיבל...
ס'האָט פון זײַן כראָפּען זיך די פינצטערניש געוויגט
און טרוקן פון דער מעל איז אים געווען אין נאָרגל;
געזען האָט מען זיך אים פון שטוב אַרויסבייגן צוריק,
ווען ס'האָט שאַריען זיך גענומען דער פרימאָרגן.

אַף יאָנטעוו פלעגן זיך אַראָפּכאַפּן אַהיים צו גאַסט
צו מײלעכן די קינדער פון זשיטאָמיר;
דער עלטערער האָט ליב געהאַט אַדורכגיין זיך די גאַס

און אַז באַ איינער פאַלט אַראָפּ דער פאַרטעך
און באַ אַן אַנדערער ניט גוט פאַרדעקט זײַנען די האָר
צו איינער מיטן אויג גיט ער אַ מאַך דאָרט
און ווינטשעט זיך און אַלע ייִדן אַזאַ יאָר...
געשטאַנען באַ די טישן איז אַ שטאָט מיט מיידלעך
פאַרזעסענע און יונגע און אַלמאָנעס אַלערליי
איז האָט ער זיך צעווישן אַלעמען געדרייט דאָרט
און עפּעס אָנגעוויזן יעדערער האָט ער אַליין
עס האָבן מיידלעך שוין אַדורכגערעדט מיט אים זיך אָפּן דיל
און אַלע ווײַלע אויסגעזעצט מיט אַ געלעכטערדיקן בלאָז זיך
און זיך געשושקעט שעמעוודיק און שטיל:
— ער קאָן זיך נאָך פאַרוועטן מיט אַ יונגן כאָסן.
און אַלע מאָל האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער פלאַמיק
און ווי פון טרעפּ אַ קײַקל זיך געטאָן אַראָפּ;
נאָר מיט דער קאַטשעלקע האָט עס פאַרשלאָגן עזרעס מאַמע
וואָס האָט געשעמט זיך אויפהייבן דעם קאָפּ.

פאַרדינגען זיך צו מאַצעס פאַר אַ קאַטשערן זי פלעג
פון יאָר צו יאָר נ'מיט טרערן אין דער שטיל זיך ווערגן,
נאָר דאָס געזיכט האָט זי פאַרשעמטערהייט און דעם אומגליק
איר פאַרדעקט
אַז ס'זאָל זי דאָ שמועל־אַלעף ניט באַמערקן.

ס'האָט איינער זיי דעם אַנדערן דערקלערט
און אָנגעוואָרפן איינער אָפּן צווייטן האָט אַן איימע...
עס איז צום פּאַיאַנס־זאַוואָד דערגאַן אַזוי
און צו דער זעגמיל איז עס אָנגעקומען —
און איינער האָט צום אַנדערן געווונקען מיטן אויג
און יעדער ז'אומגעגאַן אַביסעלע צעטומלט
נאָר גאַנץ זשיטאָמיר האָט מענאַשען גוט געקענט
ער פאַרן בעסטן בענקלמאַכער איז געווען פאַררעכנט
ער האָט געזונטע לאַנגע הענט פאַרמאָגט
געהאַרטעוועט ווי דעמב פון זײַן מעלאָכע.

ס'איז דער ערעוו־פּייסעך שוין געווען אין וועג
ס'האָט מיילעך בעקער זיך די הענט געקאַשערט
געבאַקן מאַצעס האָט ער גאַנצע טעג
נ'געוואָרט אַז קומען זאָל אַף יאָנטעוו שאָלעם און מענאַשע.

ניט אָפּגערוט האָט מיילעך בעקער זיך קיין רעגע
פאַר זעכצן קאַטשערנס געקנאָטן ט׳ער אַליין
און טאָמער וואָס — האָט ער אַליין גערעגלט
געזען דאָס פײַער זאָל ניט זײַן צו קליין;
האַלב-נאַקעט ז׳בײַ די דאַשטשענעס געשטאַנען מיילעך
עס האָט צו דר׳ערד געבויגן אים דער שוויים
געטראָגן האָט מען קוישן מאַצעס טרעשטשענדיק און פריילעך
און צוגעוואַנטשעוועט זיך לעבעדיק און היים
ב׳פון אויוון האָט אַף מיילעכן געזעצט דער גענעם
און צוגווינטן געפּליסקעט האָבן אַף זײַן לײַב
און דעם — אַ טליקע די מאַצעס ניט פאַרברענען
און ס׳איז דער קאָפּ אים עפּעס גיסט זיך אָן מיט בלײַ
שוין קוים ער האַלט זיך דאָרטן אַף די פיס
די באַליעס זײַנען ריין ס׳איז קיינער שוין נישטאָ מער —
עס דאַכט זיך אים אַז ס׳האָבן זײַנע קינדער אַף געוויס
באַדאַרפט שוין קומען פון זשיטאָמיר...

נאָר ס׳האָט זשיטאָמיר דעמאָלט זיך געקאָכט
עס האָט דער אומגליק זיך צעשפּילט שוין אַף די גאַסן;
ער איז געגאַן דער בראָך
און שטיינער האָבן זיך מיט בלוט באַוואַשן.
געשטאַנען זײַנען אָנגעשראָקענע פאַרהאַקטע טירן
ווי העלדזער אויסגעשטרעקט צום קוילען
געפירט די בענקלמאַכער דאַמאָלט האָט מענאַשע
אָנטקעגן אויפגעהעצטע פּאָגראָמירער
און ער אַליין
אַ לאַנגער ווי זײַן טאַטע ווי דער בעקער מיילעך
געגאַן איז אין דער ערשטער ריי
אָן אויפגעפלאַקערטער אַ הייסער
פאַרגעסן אָן דער היים
און אינעם פייסעך...

און מיילעך בעקער איז געגאַן אַהיים פון בעקערײַ
צום לעצטן מאָל.
ער האָט זיך אומגעקערט פון דאָרט פאַרשמירט אין ליים
און ס׳האָט זיך אים שוין גאָרניט נישט געוואָלט
עס האָט אים נאָכגעיאָגט אַ ווינט

אים עפּעס זייער וויכטיקס איבערגעבן
עס האָבן שוין די שטעכעלקעס געגרינט
די קראָפּעווע האָט שוין געוועבט די ביטערסטע געוועבן
און מיילעך בעקער האָט זיך אומגעקערט צוריק פון לעבן...

כ'האָט אים באַנאַכט נאָך אויפגעוועקט דער טויט אַף אַ מינוט
אַף גיך בעקיצער זיך צעפינטלט מיט די אויגן
אים אַף די ליפּן אָנגעטאַפּט אַ ביסל בלוט
און זיי מיט פינצטערניש פאַרצויגן...
עס האָט פאַרפעלט אים לופט
האָט ער זיך אויפשטעלן געפּרווט
און צו דער טיר אַ טראַט טון
זיך אַף די פיס אַנידערשטעלן
נאָר מיטן קאָפּ האָט ער דערלאַנגט זיך אין דער סטעלע...

# פּערעץ מאַרקיש

פון באָרים לאַווורעניעוו * (מאָסקווע)

פאָרוואָרט צום בוך לידער און פּאָעמען פון פּערעץ מאַרקיש, איבערגעזעצט דורך 42 פּאָרשייהפּנע באַוווּסטע סאָוועטישע דיכטער אַף רוסיש און אַרויסגעגעבן דורכן סאָוועטישן מעלוכע-פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע, 1957, 416 ז"ז, צונויפגעשטעלט דורך נסטער מאַרקיש, פּערעץ מאַרקישעס פרוי, און אַ. ווערגעליס.

אין יולי 1934, בעיס אַ האַפּסאַקע באַ איינער אַ זיצונג פונעם צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטישע שרייבער אין מאָסקווע, האָב איך באַמערקט אינעם צענטער פון אַ קליינער גרופּע שרייבער אַ כאַווער, וואָס האָט געפירט אַ לעבעדיקן שמועס. דער כאַווער האָט מיטאַמאָל מיך פאַראינטערעסירט.

די גרופּע האָט, ווײַזט אויס געפירט אַ הייסן און שפּאַנענדיקן וויכוּעך. דער, וואָס האָט גערעדט, האָט מיט אַ ברען איבערצײַגט עפּעס זײַנע צוהערער און דערבײַ באַפעסטיקט זײַנע ווערטער מיט האַנט־באַוועגונגען. נישט געקוקט אַף דער ענערגישער זשעסטיקולאַציע, זײַנען די באַוועגונגען געווען ווייכע און פּלאַסטישע. די הענט פונעם רעדנער

---

*) באָרים אַנדרעיעוויטש לאַווורעניעוו איז אַ באַרימטער סאָוועטישער פּראָזאַיקער און דראַמאַטורג. ער איז געבוירן אין 1891. ער איז דער מעכאַבער פון אַ גרעסערער צאָל רוסישע דערציילונגען פונעם בירגערקריגנאַד דער ערשטער וועלט-מילכאָמע: „וועטיער" (1924), „סאָראָקאָם" (1928), און „זאַ טיער, קטאַ וו' מאָריע" (1945) — פונעם לעבן פּערוו" (1926), „סעדמאָי ספּוטניק" (1927), און פון פּיעסעס: „ראַזפון די סאָוועטישע מאַטראָזן (באַקומען דערפאַר די מעלוכע-פּרעמיע אין 1946). פון זײַן פּיעסע „גאָלאָס אַמעריקי" (1949) ווידער באַקומען די מעלוכע־פּרעמיע אין 1950. זײַן פּיעסע „דער 41טער" איז געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג אין וואַרשע דורך יאָנאַס טורקאָוו און דינאַ בלומענפעלד — רעד.

האָבן זיך באַוועגט מיט אַ ריטמישער האַרמאָניע, ווי די הענט פון אַ מיזרעך־טענצערן.

ער האָט מיר אויסגעוויזן זייער יונג, קימאַט אַ באָכער. ער איז געווען שלאַנק, גוט געבויט. דער שײנער קאָפּ מיט שוואַרצע געקרײַזלטע האָר איז געווען אַרויפגעהויבן אַרויפצו, און אין זײַנע טיפע אויגן האָט געברענט אַזאַ ראָמאַנטיש פײַערל, אַז איך האָב, נישט צווייפלענדיק באַשלאָסן, אַז דער אומבאַקאַנטער איז זיכער אַ פּאָעט. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער גרופּע, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר. די דינע און ריכטיקע שטריכן פון זײַן געזיכט האָבן אַרויסגערופן בײַ מיר אײַנעם זיקאָרן עפּעס זייער באַקאַנטס, וואָס כ׳האָב שוין נישט איינמאָל געהאָט געזען. איך האָב גלײַך אָפּן אָרט נישט געקאָנט באַשטימען, אָפּ וועמען ער איז אַזוי ענלעך,, אָבער ווען איך בין אַדורכגעגאַנגען פאַרבײַ אים נאָך אַמאָל, איז די ענלעכקייט געוואָרן פאַר מיר קלאָר, שוין אָן קיין שום ספֿק.

נו, זיכער! אָט דעם פּראָפיל האָב איך נישט איין מאָל געזען אין די אויסגאַבן פון בײַראָנס ווערק.

נאָר די שטריכן פון בײַראָן זײַנען שווערער, דיקער, מענלעכער, און אינעם געזיכט פון דעם אומבאַקאַנטן האָט זיך געפּאָרט באַגלײַך מיטן אויסדרוק פון ענערגיע און האַסטיקייט אינעם כאַראַקטער, אויך אַ פּאַרקלערטע ווייכקייט, קימאַט עפּעס ווײַבלעכעס.

אין יענע יאָרן האָב איך געוווינט אין לענינגראַד. אין מאָסקווע בין איך געווען זעלטן. דאָס ראָוו מאָסקווער שרײַבער האָב איך געקענט בלויז לויטן נאָמען, נישט באַגעגנט זיך מיט זיי פּערזענלעך, און אָפּן שרײַבער־צוזאַמענפאָר אין מאָסקווע האָב איך פיל פון זיי געזען צום ערשטן מאָל.

דעריבער האָב איך געפרעגט בײַ וו. אי. לעבעדעוו־קומאַטש, וואָס איז גראָד צוגעקומען צו מיר:

— וואָסילי איוואַנאָוויטש, ווער איז דער באָכער?

— נו, ער איז שוין ווײַט נישט קיין באָכער, — האָט זיך צעשמייכלט קומאַטש, — ער איז קימאַט אין אונדזער עלטער. דערפאַר אָבער איז ער אַן עכטער און אומבאַדינגטער דיכטער... דאָס איז פּערעץ מאַרקיש!

נאָכדעם האָב איך שוין באַגעגנט מאַרקישן בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן. אין די טעג פון פרידן און אין די גרויליקע טעג פון קריג. מיט דער צײַט האָט ער אָנגעוווירן זײַן יונגע לײַכטקייט און באַפליגלטקייט, וואָס האָט מיך אַזוי צוגעצויגן בײַ דער ערשטער באַגעגעניש. אָבער דער באַגײַסטערטער גלאַנץ פון זײַנע אויגן, זײַן ראָמאַנטישער כאַראַקטער איז נישט פאַרשוווּנדן. אַ הייסער, אַ פלאַמפײַערדיקער, אַ באַגײַסטערטער איז ער פאַרבליבן אַזוי ביזן סאָף.

מאַרקיש איז געבוירן געוואָרן אין וואָלין, אין אַ פּאַטריאַרכאַלער

ייִדישער מישפּאָכע, וועלכע זאָל האָבן, לויט דעם, וואָס מיהאָט דערציילט אין דער פֿאַמיליע, געשטאַמט פֿון די שפּאַנישע ייִדן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פֿון דער אינקוויזיציע און זיך באַזעצט אין מיזרעך. מעגלעך, אַז דער עקזאָטישער שפּאַנישער נאָמען פּערעץ — אַ זעלטענער נאָמען בײַ ייִדן, וואָס וווינען אין רוסלאַנד — איז געווען אַ פֿאַמיליע־ירושע פֿון זיכרוינעס און טראַדיציע.

די מישפּאָכע האָט זיך שטאַרק געהאַלטן בײַ דער טראַדיציע. ווי נאָר דער זון איז אויסגעוואַקסן, האָבן אים די עלטערן אָוועקגעגעבן אין אַ כאָר פֿון אַ שול. עפּשער האָט זיך זיי געדוכט, אַז דאָס קינד פֿאַרמאָגט גרויסע מוזיקאַלישע פֿעיקייטן און אַז מיט דער צײַט וועט ער גאָר ווערן אַ באַרימטער כאַזן. מאַרקיש האָט ערלעך און פֿלײַסיק געזונגען אין שול־כאָר, נאָר קיין גלענצנדיקע שטימע האָט ער נישט פֿאַרמאָגט. ער וואָלט עפּשער ענדלעך זיך אַרויסגעכאַפּט אַלס פּירער פֿון אַ כאָר, נאָר דאָס לעבן האָט צעשטערט די פּלענער און די אויסרעכענונגען פֿון זײַן פֿאַמיליע.

עס קומט אָן דאָס יאָר 1915. דער ערשטער וועלט־קריג איז אין פֿולן ברען. פֿאַר דער בלוטיקער שכיטע דאַרף מען האָבן מענטשלעך „קאַנאָנען־פֿלייש". דערגרייכנדיק דעם מיליטערישן עלטער, באַקומט דער מעשוירערער פֿון דער שול, פּערעץ מאַרקיש, אַ מעלדונג, ער זאָל זיך צושטעלן צום פּריזיוו בײַם מיליטערישן נאַטשאַלניק פֿון אָדעס. פֿון דאַנען ווערט ער געשיקט אין אַ זאַפּאַסנע פּיעכאָט־פּאָלק.

אַנשטאָט צו זינגען פֿײַערלעכע סינאַגאָגאַלע לידער, קומט אים אויס צו זינגען דאָס רוסישע סאָלדאַטן ליד „סאָלאָוויי, סאָלאָוויי פּטאַשעטשקאַ"... ער מוז אָן אַ סאָף מאַרשירן און לויפֿן אינעם אָנגעכוראָוועטן מיט בראָכוואַרג הויף פֿון דער קאַזאַרמע פֿון זײַן פּאָלק און, באַלאָדן מיט אַ שווערער ביקס, זיך לייגן אין בלאָטע, שפּרינגען און אַרײַנשטעכן זײַן באַגאָנעט אין אַ שטרויענער קוקלע, און ווידעראַמאָל מאַרשירן און לויפֿן אַזוי ביז אָנמאַכט. אין אָוונט מוז ער פֿאַרטראָגן דעם מאַכאָרקע־רייעך פֿון דער קאַזאַרמע, אויסשטיין צאָרעס פֿון די אונטער־אָפֿיצירן, קעדיי צום סאָף אַרײַנפֿאַלן אין אַ שווערן שלאָף און אַזוי ביזן פֿרימאָרגן, ווען מע באַפֿעלט אויפֿשטיין.

איינע נאָך דער אַנדערער גייען דאָן אָוועק אַפֿן פֿראָנט די מיליטערישע ראָטעס, און מיט איינער פֿון זיי פֿאָרט אויך אָוועק אין אַ קאַלטער „טעפּלושקאַ" (לאַסט־וואַגאָן) דער זעלנער פֿון דער צאַרישער אַרמיי פּערעץ מאַרקיש. ער פֿאַלט אַרײַן אין דער פֿײַער־ליניע אין דער צײַט, ווען עס הייבט זיך שוין אָן דער צעפֿאַל פֿון דער אַרמיי: דאָס רוסישע מיליטער מאַכט אַדורך די שענדלעכע מאַפּאַלע, עס אַנטלויפֿט פֿון גאַליציע אָן געווער און אָן שוץ. אין די בלאָטיקע אָקאָפּעס ווערן פֿאַרשפּרייט ידיעס וועגן פֿאַראַט פֿון די מיניסטאָרן און גענעראַלן אַזעלכע, ווי דער יונגער פּערעץ, לײַדנדיקע, פֿאַרצווייפֿלטע, אָנגעטאָן אין צעווייקטע, פֿאַר־

שווייסטע שינעלן, דערמאָנען זיך מיט פאַרצווייפלונג וועגן זייערע פאַמיליעס, וואָס זײַנען ערגעץ פאַרבליבן, בעיס זיי אַליין לײַדן הונגער און שטייען אויס אַלערליי מוירעדיקע שוועריקייטן.

אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס איז אונטערדריקט און פאַרפאָלגט געוואָרן דורכן צאַריזם, דערזעט מאַרקיש מיט זײַנע אייגענע אויגן, אַפן פראָנט, אַז זייער שווער איז דאָס לעבן אינעם צאַרישן רוסלאַנד אויך פאַר יעדן פאָשעטן מענטשן, צו וועלכער נאַציאָנאַליטעט ער זאָל נישט געהערן. אין כאַוועריש געשפּרעכן מיט זײַנע גורל־פרײַנט ווערט געבוירן אַן אויפריכטיקע סאָלדאַטישע פרײַנטשאַפט און עס הייבט זיך אָן פורעמען בײַ מאַרקישן דער רעוואָלוציאָנערער באַוווסטזײַן. עס ברויזן אין מויעך געדאַנקען און זיי הויבן זיך אָן ריטמיש פאַרוואַנדלען אין לידער. דער דיכטער איז אַנטפּלעקט געוואָרן.

אין אַ שלאַכט האָט אַ דײַטשישע קויל פאַרוווּנדעט מאַרקישן, וועלכער איז דערפאַר געוואָרן באַפרײַט פון דינסט. די שטילקייט אין דעם שפּיטאָל שאַפט די אַטמאָספער פאַר אומענדלעכע טראַכטענישן. עס ציט מאַרקישן אַלץ מער צו דער פּאָעזיע. אין זײַנע נאָך אומבאַהאָלפענע נישט־דרייסטע ערשטע שאַפונגען פלאַמט אַן אויפברויז קעגן דעם אומיוישערדיקן דערדריקנדיקן סאָציאַלן צושטאַנד, און עס גייט אויף בײַ אים די האָפענונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

פון דער שפּיטאָל־שטילקייט וואַרפט דאָס לעבן אַרײַן מאַרקישן דירעקט אינעם גרויל און אין שטורעם פון קעם אָנהייב פון דער רעוואָלוציע. די הערלעכע שיינקייט פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פאַרכאַפּן דעם יונגן פּאָעט. פאַרשיקערט פונעם ברויזנדיקן גאַנג פון דער רעוואָלוציע, אויפגעטרייסלט, רופט ער זיך אָפּ מיט ענטוזיאַזם אויף אַלץ, וואָס זײַנע אויגן זעען. ער שטרעבט צו דערציילן אַלץ, וואָס ער נעמט אויף אין זיך, און ער וויל גאַרנישט דורכלאָזן. די שטורעמס פון דעם בירגער־קריג טראָגן אים איבער דעם אויפגעברויזטן לאַנד, וואָס איז צעריסן פון ווידערשפּרוכן און קעגנזאַצן. דער אויפקום פון אַ נײַער וועלט, די פאַרווירקלעכונג פון די בעסטע כאַלוימעס פון דעם אַרבעטנדיקן פאָלק, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די דעקרעטן, וועלכע עס גיט אַרויס לענין, דאָס זעט מאַרקיש פון איין זײַט, און פון דער צווייטער זײַט איז ער אַן איידעס פון די כאַיעשע, טעמפּע ברוטאַליטעטן פונעם אָפּשטאַרבנדיקן אַוואָר. אָט דאָס האָט מאַרקיש פאַר זײַנע אויגן: פון איין זײַט גלײַכהייט און ברידערלעכקייט פון אַלע פעלקער; און פון דער צווייטער זײַט די גרויזאַמע, שוידערלעכע פּאָגראָמען אויף ייִדן אין אוקראַיִנע, וואָס ווערן דורכגעפירט דורך די קולאַקישע האָרדעס, אָנגעפירט דורכן „באַטקאַ" פּעטליורע און דורך אַנדערע פּאָגראָמשטשיקעס.

שווער זיך צו אָריענטירן און באַגרײַפן דעם מעשוגענעם קנויל פון געשעענישן, נאָר רעאַגירן אויף אַלעם דאַרף מען. דערפאַר שרײַבט מאַרקיש. ער שרײַבט אַן אויפגעברויזטער, אויף דער שנעל וויל ער אַרויס־

ברענגען אין זײַנע לידער דעם קאַלײדאָסקאָפּ פון איבערלעבענישן פון אײַנדרוקן, וואָס גיבן אים נישט קײן רו.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור שפּרינגט אַרײַן מיט אַ פעסטן טראָט אַ נײַער נאָמען. ער לויכט ווי אַן מעטעאָרישער שטערן.

די ייִדישע ליטעראַטור פון פאַר דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע האָט געהאַט אין אירע רײען גרויסע אינטערעסאַנטע שרײַבער, ווי שלום עליכעם, י. ל. פּרעץ, שלום אַש, ח. נ. ביאַליק און אַנדערע, וועמעס שאַפונגען גײען ווײַט אַריבער די באַגרענעצטע ראַמען פון אַ נאַציאָנאַלער קולטור, גיסן זיך אַרײַן און ווערן אַ באַשטאַנד-טײל פון דער וועלט־ליטעראַטור. די ייִדישע פּראָזע איז געווען, אין אַ געוויסער מאָס, אײַ־בערגעלאָדן מיט נאַטוראַליזם און שטײגערישקײט, און די פּאָעזיע, איז אין טאָג געווען אַ פילאָזאָפיש־טרוימעריש, אָפּגעריסן פונעם עמעסן ווירקלעכן לעבן. מיטן אָנקום פון מאַרקישן האָט זיך אין דער ייִדישער פּאָעזיע אַרײַנגעגאָסן אַ נײַער שאַפנדיקער שטראָם פון אַקטיוון אויפנע־מען דאָס לעבן, די ראָמאַנטישע פּאַטעטישקייט פון אויסדריקן די נײַע געזעלשאַפטלעכע סאָציאַלע געזעצן. די פּאַסיווע, לײַדנדיקע, באַאַבאַכטנדיקע אײַנשטעלונג פון די קלאַסיקער פון דער ייִדישער פּאָעזיע, ווערט אין מאַרקישעס פּאָעזיע פאַרוואַנדלט אין אַ קעמפערישן ציל־באַוווּסטן קאַמף, אַ באַגער אַרײַנצודרינגען אין לעבן, קעדײַ עס גרינטלעך איבערצובויען, בלײַבנדיק שטענדיק דער עכטער נאַציאָנאַלער ייִדישער דיכטער, קערט זיך אָבער מאַרקיש ראַדיקאַל אָפּ פון דער אַלטער טראַדיציע, פון אומעט, פאַרצווייפלונג, פון דעם מאָטיוו „על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו“ (אויף די טײַכן פון באַבל זײַנען מיר געזעסן און געוויינט), וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ייִדישער דיכטונג פון פאַר דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע.

מאַרקיש האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דעם קעניגרײַך פון די טרויע־ריק־פילאָזאָפישע זיכרונות, ווי אַ העליש פײַער. ער האָט זיך געפילט ווי אַ זון פון זײַן פאָלק און אין דער זעלבער צײַט ווי אַ זון פון דער גאַ־נצער מענטשהייט, וועמען דער לײַכט־טורעם פון דער רעוואָלוציע האָט באַלויכטן דעם וועג צו דער צוקונפט.

(באָריס לאַוורעניעוו ברענגט אַן איבערזעצונג פון אײנעם פון פּ. מאַרקישעס ערשטע ייִדישע לידער און ער גיט צו: „דאָס זײַנען נאָך גע־ווען אַלגעמײנע, דעקלאַראַטיווע מעלדונגען פונעם דיכטער, אָבער זיי זײַ־נען שוין געווען גענוג פּינקטלעך אַרויסגעזאָגט. ער האָט אָפּ שטענדיק זיך אָפּגעטרייסט פון ייִעש, פון פּאַסיוויטעט, פון טרויער“.)

אין די ערשטע יאָרן פון זײַן דיכטערישן שאַפן האָט מאַרקיש, צו־ליב זײַן יונגשאַפט, געצאָלט ציגזן חוכם „פּראָלעטקולט“ און מיט היל־כיקע לאָזונג-טיראַדן, וואָס האָבן מיט זייער פויקן און אונגעבלאָזענער רעטאָריק פאַרשריגן דאָס לעבעדיקע און קאָנקרעטע. אָבער צוביסלעך,

בעהאַדראַגע, שריט נאָך שריט, האָט מאַרקיש זיך באַפרײַט פון יענצײַטיקע פּראַלעטקולטישע פּוסטע קלאַנגען. זײַנע לידער זײַנען אָנגעפילט מיט פלייש און בלוט, זײַנען געוואָרן אַלץ טיפער און אינהאַלטפולער, און אַלצמער און ענגער זיך צונויפגעגאָסן מיט דער אַרומיקער ווירקלעכקייט.

פון די לידער, וואָס האָבן געשוועבט אין „הויכע הימלען" האָט מאַרקיש זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער פּאָשעטער און קלאָרער פּאָעזיע פון דער רעאַלער וועלט פון מענטשן און זאַכן, צו טאָג־טעגלעכע און געוויינלעכע וואָס ער האָט באַגעגנט אינעם אַרומיקן לעבן.

(ב. לאַוורעניעוו רעכנט אויס אַ צאָל לידער פון פּ. מאַרקיש, וואָס באַווײַזן דעם געבענטשטן איבערבראָך אין מאַרקישעס דיכטונג, און ער שרײַבט ווײַטער:)

אַלץ שטאַרקער און ווירקזאַמער קומט אַרײַן אין מאַרקישעס פּאָעזיע דער עלעמענט פון פּאַרטיפּטער און אין דער זעלביקער צײַט — לעבנס-פריידיקע ליריק, וואָס איז אַדורכגעדרונגען מיטן צאַפּלדיקן פילן דאָס אַרומיקע לעבן מיט אַלע זײַנע פּאָשעטע און ליבע שיינקייטן, וואָס מיזעט אין דעם וואַקסן פון אַ בוים-צווײַגל, אין דעם לויטערן גרינעם געוויש פון דער יאָם־כוואַליע, אינעם בראָנז־בלענד פון מיידלשע צעפּ, אין דער וואַרעמקייט פון אַ מענטשנס האַנט.

עס איז אַלץ מער אויסגעוואַקסן, קרעפּטיקער געוואָרן און זיך גענומען אויסגיסן אין בוילעטע פאָרמען דער גרויסער און לויטערער פּאָעטישער טאַלאַנט פון מאַרקישן.

אין יאָר 1940 שאַפט מאַרקיש איינע פון זײַנע וויכטיקסטע פּאָעטישע ווערק, אַ ווערק, וואָס איז אָריגינעל, טראָגט אַ שטאַרקן אינדיווידועלן כאַראַקטער אַף זיך. דאָס איז די פּאָעמע „די טענצערין פון געטאָ". אין אַט-דער פּאָעמע פלעכטן זיך צוזאַמען דער טיפער טראַגיזם מיט דעם כיין פונעם לירישן געפיל. אין דער געשטאַלט פון דער טענצערין קומט אויף פאַרן לייענער די געשיכטע פון די לײַדן און פּײַן פונעם יידישן פאָלק, וואָס ווערט געפײַניקט און געפירט צום עשאַפאָט דורכן דײַטשישן פאַשיזם. דורך די אַלע שווערע לײַדן, דורך בלוט און טויט הערט זיך אָבער דער אָנזאָג פון אַ נײַער וועלט, פונעם פאָטערלאַנד, ווו עס קומט פרײַהייט און גליק. אָפּטימיסטיש און פול מיט פרייד איז דער סאָף פון אַט-דער פּאָעמע.

אין דעם גרויל פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, איז מאַרקיש אַרײַנגעטראָטן ווי אַ רײַפער, פולקאָמער מײַסטער פונעם דיכטערישן וואָרט.

אַ הייסער פּאַטריאָט פונעם סאָוועטישן פאָטערלאַנד, אַ מענטש פון אַ ברויזנדיקן און אומצוימבאַרן פּאָליטישן טעמפּעראַמענט, האָט ער נישט געקאָנט בלײַבן אין דער פרידלעכער אַטמאָספער פונעם ווײַטן הינ־

טערלאַנד און אויסלעבן זיך אין דער רויִקייט פון אַן עוואַקווירטן. ער טרעט אַריין אין קריגס־פּלאַט אַלס קאָמיסאַר פון באַטאַליאָן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די הייסע צייט פונעם קאַמף קעגן סוינע מיטן געווער פונעם פּאָעטישן וואָרט. מאַרקיש האָט אויפגעהויבן ווי אַ פאָן דעם רוף פון מאַיאַקאָווסקין:

„איך וויל, מען זאָל צו אַ שפּיז פאַרגלייכן די פעדער...״

די לידער פון מאַרקישן, געשריבן אין דער קריגס־צייט, האָבן געשלאָגן דעם סוינע און גערימט דעם העראָיזם, דעם מעסירעס־נעפעש און אויסדויער פון די סאָוועטישע העלדן, וועלכע האָבן געקעמפט מיט לייב און לעבן נישט נאָר פאַר דער ערע, פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון דעם אייגענעם היימלאַנד, נאָר אויך פאַר דער באַפרייונג פון דער גאַנצער מענטשהייט פון דעם מיטלאַלטערלעכן באַרבאַריזם פון די „בלאָנדע בעסטיעס״, פון דער ברוינער מאַגייפע פון דער היטלערישן נאַציזם.

נישט אַלע לידער פון דעם־אָ פּעריאָד זיינען פון דער זעלביקער קינסטלערישער הויך. אין די קאַמף־באַדינגונגען, אין פאַרבינדונג מיט די שנעל און אייליק־אויפגעקומענע אויפגאַבן, איז דעם דיכטער אָפט אויסגעקומען צו שרייבן ערגעץ־ווו אויף אַ ברעג פון טיש, אין דעם פיבער פון רעדאַקציאָנעלער אַרבעט, אויף דער שנעל. אָבער אויך אין די־אָ באַדינגונגען האָט מאַרקיש געשאַפן אַ גרויסע צאָל אומפאַרגעסלעכע, קרעפטיקע און פּרעכטיקע לידער, אין וועלכע סיקומט צום אויסדרוק דער האַס פונעם דיכטער צו די אָקופּאַנטן און זיין טרייע ליבע צום היימלאַנד.

צום פולן אויסדרוק פון די מילכאָמע־לײַדן איז מאַרקיש געקומען אין זיין וויכטיקסטן ווערק. דאָס וויכטיקסטע נישט נאָר מיט זיין פאַרנעם, נאָר דערהויפּט דורך דער טיפקייט פון די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, דורכן ברייטן אויפנעמען די געשעענישן אין זייער גאַרער גראַנדיעזקייט אין זייער באַדייט פאַר דער וועלט־געשיכטע. דאָס איז זיין פּאָעמע „מילכאָמע״ (דערשינען האַרבסט 1948).

דאָס איז געווען אַ נייער שאַפערישער ניצאָכן פונעם דיכטער. אין דער גרויסער פּאָעמע האָט מאַרקיש דערגרייכט די הויך פון אַ דיכטער — אַ טריבון, אַ ליידנשאַפטלעכער באַשולדיקער פונעם פאַשיזם, אַ טרייער און איבערגעגעבענער קעמפער פונעם סאָוועטישן פאָטערלאַנד. די רייכקייט און טיפקייט פון געדאַנק און געפיל שטעלן אַוועק די פּאָעמע „מילכאָמע״, נישט נאָר ווי אַן ערשטראַנגיק ווערק פון דער יידישער דיכטונג, נאָר פון דער גאַנצער סאָוועטישער פּאָעזיע.

די פּאָעמע „מילכאָמע״ איז געווען דאָס לעצטע גרעסערע ווערק פונעם דיכטער. אין דעם ווערק האָבן זיך אָנגעמערקט נייע פאַרמעסטן. מאַרקיש האָט געפלאַטערט מיט דעם פולן דיכטערישן ברען, ער האָט געכאַלעמט וועגן נייע ווערק, נאָך מער באַפליגלטע און נאָך וויכטיקערע. מאַרקיש האָט אין זיין דיכטערישן שאַפן און אויך מיט זיין גאַנצן

לעבן פולשטענדיק באַשטעטיקט די איינשטעלונג, אַז „טאַלאַנט מיינט אויך אַרבעט".

מאַרקיש איז געווען אַן אומדערמידלעכער שאַפער. זיין אַרבעטס־פּאַרנעם האָט דערשטוינט. אַ געבוירענער געבענטשטער דיכטער, האָט ער זיך אָבער נישט פאַרזוקט אין די ראַמען פון דער פּאָעזיע. אים האָט אויך פאַרכאַפּט די פּראָזע, די דראַמאַטורגיע, די פּובליציסטיק און אויך די ליטעראַרישע קריטיק.

אין זיין שאַפערישער יערושע געפינט זיך אַ גרויסע צאָל אַרטיק־לען, שילדערונגען, אַנאַליזן, צוויי ראָמאַנען, עטלעכע פּיעסעס, זייער אייגנאַרטיקע לויט דעם כאַראַקטער פונעם קינסטלער.

דער דיכטער, וועלכער האָט געעפנט נייע האָריזאָנטן פאַר דער יידישער פּאָעזיע, זי אויפגעהויבן אויף נייע הייכן, אַ ייד לויט זיין בלוט און גייסט, איז גלייכצייטיק געווען אַ טיף־אינטערנאַציאָנאַלער קינסט־לער, און זיין שאַפן איז געווען נאָענט די לייענער פון אַנדערע פעלקער... ליידנשאַפטלעך געהאַסט די דערניידערונג פון דער מענטשלעכער פּערזאָן און פון פרייהייט, האָט ער הייס געקעמפט קעגן די פינצטערע קויכעס פון דער רעאַקציע, וואָס זייער העסלעכסטער אויסדרוק איז געווען דער פאַשיזם. ער האָט שאַרף געשטעמפּלט זיינע פאַרברעכנס און אין אַ ציקל לידער האָט ער אַרויסגעבראַכט זיין סימפּאַטיע צום שפּאַנישן פאָלק אין זיין געראַנגל קעגן דעם דייטשישן און איטאַליענישן פאַשיזם, וואָס האָט געשטיצט די בלוטיקע אַוואַנטיורע פון גענעראַל פראַנקאָ. אין די דירונ־דיקע, קרעפטיקע פערזן פון זיין „די טענצערין פון געטאָ", אין זיינע קריגס־באַלאַדן און, לעסאָף, אין זיין גרויס ווערק „מילכאָמע", ווו ער האָט אונטערגעפירט דעם סאַכאַקל פון זיין רעוואָלוציאָנערער וועלט אָנשויונג. — — —

מאַרקיש איז געווען אין סאַמע אויפבלי פון זיין מעכטיקן טאַלאַנט, און ער וואָלט זיכער געשאַפן נאָך מער הערלעכע ווערק. נאָר זיין לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן אין זיין סאַמע אויפשטייג. ער איז געפאַלן אַ קאָרבן פון פייַנט, אומשולדיק באַשמוצט. די סאָנים פונעם פאָטערלאַנד האָבן פיזיש פאַרניכטעט דעם פּראַכטיקן דיכטער, זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט טויטן זיין ליד.

פּערעץ מאַרקיש איז ווידער מיט אונדז. ער לעבט אין זיינע לידער, ראָמאַנען, דראַמאַטישע פּיעסן. עס לעבט דער גרויסער קינסטלער, דער ראָמאַנטיקער, דער שאַפער. עמעסע דיכטונג איז אומשטערבלעך.

די לידער פון מאַרקישן וועלן ווערן געלייענט דורך קומענדיקע דוי־רעס און אין זייערע נעשאָמעס וועלן זיי אָפּהילן מיט אַ טיפן ביכאַ, ווי זיי האָבן געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג בײַ זיינע פריינט און מיטצייטלער.

---

פון רוסיש.

# א י נ ה אַ ל ט:

זײַט

